ו. מאיאקאָווסקי

# אויסגעוויילטע ווערק

ייִדיש — עמאנועל קאַזאקעוויטש



מעלוכע־פארלאג פאר די נאצמינדערהייטן אין אוסר"ר
כארקאָוו 1934 קיִעוו

פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטער—אי. סו־
דאַרסקי. טעכנישער רעדאַקטער — כ.
ליומקיס. הילע, אײַנבונד, פּאָרזאַץ, אָרנאַ־
מענטנ — אי. פלעשטשינסקי.

# פאַרוואָרט

וו. וו. מאיאקאָווסקי איז ארויסגעטראָטנ אפ דער ליטעראטור-ארענע מיט צוואנציק יאָר צוריק. א זיבעצניאָריקער באָכער, האָט ער מיטנ גאנצנ וועזנ זײַנעמ פײַנט געהאט די בורזשואזע געזעל-שאפט, דעמ גאנצנ בורזשואזנ סיידער, די קולטור, רעליגיע, מאָ-ראל, קונסט, וואָס די בורזשואזיע האָט געשאפנ.

לויטנ כאראקטער פונ זײַנ שאפנ, אָט טאקע לויט דעמדאָזיקנ טיפנ האס צומ עקזיסטירנדיקנ שטייגער, דעמ האס, וואָס האָט זײַנ שאפנ דורכגעדרונגענ, לויטנ פעלנ פונ יעטווידער פּאָזיטיווע אידע-אלנ—איז מאיאקאָווסקי געווענ צו יענער צײַט דער דיכטער אונ אויסדריקער ניט פונעמ פראָלעטאריאט, נאָר גיכער פונעמ לומפּנ-פראָלעטאריאט, פונ דער דעקלאסירטער אינטעליגענצ, וואָס איז ארויפגעשטויסנ געוואָרנ אפנ דעק פונעמ לעבנ,—דער דיכטער פונ די פארשטויסענע.

ווי א טראַקטיר איז מיר שרעקלעכ
אײַער שרעקלעכ געריכט!
מיכ אלײנ דורכ די ברענענדיקע געבײַדעס
וועלנ פראָסטיטוטקעס, ווי א הייליקײַט,
דורכטראָגנ אפ הענט
אונ באווײַזנ פאר גאָט, ווי זי׳ער באַרעכטיקונג, —

אזוי האָט ער זיך געווענדעט צו דער בורזשואזער געזעלשאפט. דאָס איז געווען א דיכטער — א בונטאר. אָבער זײַן בונט איז ניט געווען דער גראָשנדיקער בונט פון דעם קלײנבורזשוא, דעם אינטעליגענטישן כליפּעניק, וואָס בונטעוועט אין די ראמען פון דער בורזשואזער געזעלשאפט, אין נאָמען פון דער „פרײַהײַט" פון זײַן פילגעשעצטער פּערזענלעכקײַט, פון זײַן „גײַסט" און וואָס בא דער מינדסטער געפאר, וואָס דראָט די יעסוידעס פון אָט דער געזעלשאפט, בײַט ער גיך איבער זײַן בונט אף מיסטיק, אף „געשלעכט־פּראָבלעם" און אף ענלעכע זאכן.

מאיאקאָווסקי האָט געבונטעוועט טאקע קעגן די גרונט־זײַלן פון דער בור־זשואזער געזעלשאפט, קעגן רעליגיע, קעגן אייגנטום, קעגן מאָראל. ער האָט זיך ניט אָפּגעגעבן קיין כעזשבן אין דעם, וואָס זײַנען די וואָרצלען פון אָט דער פארהאסטער אָרדענונג; ער האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט, וואָס דארף קומען אף איר אָרט; ער האָט געוווּסט איינס — דאָס, וואָס ס׳איז דאָ, מוז אראָפּגעשלײַדערט ווערן.

מאיאקאָווסקיס קינדהײַט איז דורכגעגאנגען אף קאווקאז, אין איינעם פון די צענטערס פון דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג אין 1905 יאָר.

די בורזשואזע קולטור האָט מאיאקאָווסקי צוגעזען אין איר העסלעכסטער פאָרמע — אין דער פאָרמע פון דער צארישער קאָלאָניזאטערישער פּאָליטיק אף קאווקאז. געצוווּנגען פון דרײַצן יאָר צו פארדינען אפן לעבן, צונויפגעטראָפן זיך מיט רעוואָליוציאָנערן, פריִער אף קאווקאז און דערנאָך אין מאָסקווע, האָט מאיאקאָווסקי פון פערצן יאָר אָן זיך אָנגעהויבן באטייליקן אין דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג. א זעכצניאָריק ייִנגל איז ער ארײַנגעפאלן אין דער צארישער טפיסע און איז דאָרטן אָפּגעזעסן בא א יאָר צײַט. אזוי ארום זײַנען די אײַנדרוקן פון דער פריִער קינדהײַט און פון די ייִנגל־יאָרן געווען בא אים פארבונדן

מיט האריגעס און פארפאָלגונגען פון זייַנע פרייַנט — גרוזינישע רעוואָליוציאָנערן, פארבונדן מיט אונטערדריקונג, מיט דאלעקי מיט טפיסע.

דידאָזיקע באדינגונגען האָבן געהאָלפן מאיאקאָווסקין צו דערציִען אין זיך דעם פייַערדיקן האס צו דער בורזשואזער געזעלשאפט. נאָכן ארויסגייִן פון דער טורמע איז מאיאקאָווסקי אָפּגעגאנגען פון דער פארטיי (באָלשעוויקעס), מיט וועלכער ער איז ביז דאן געווען פארבינדן. אים האָט געצויגן צו שאפן „סאָציאליסטישע קונסט״, ער איז געוואָרן א בונטאר — א יאָכיד צווישן אנדערע בונטארן — יעכידים. אָבער זייַן פריִערדיקע רעוואָליוציאָנערע דערציִונג האָט אים געהאָלפן ריכטיק צו ווענדן זייַנע קלעפּ קעגן דער פארהאסטער געזעלשאפט אין יענע פאלן, ווען זייַן לאגע פון א דעקלאסירטן אינטעליגענט האָט אים געקאָנט פארפלאָנטערן, ארויפּשלאָגן פונעם וועג.

אָט דער שטעמפּל פון אינדיווידואליסטישער בונטארישקייַט ליגט אויסגעגאָסן אפ אלע ווערק מאיאקאָווסקיס פונעם ערשטן פעריִאָד, דערבייַ ווערט שוין אויך אין זיי גאנץ בוילעט קעגנגעשטעלט די הונגעריקע, אונטערדריקטע און פארפּייַניקטע פון איין זייַט, און קעגן זיי — די רייַכע, פעטע, איבערגעפרעסענע.

ס'איז ווערט צו פארצייכענען, אז מאיאקאָווסקי האָט דיכטעריש פאָרויסגעזען די אָנקומענדיקע רעוואָליוציע אין זייַן פּאָעמע „א וואָלקן אין הויזן״.

עס איז אָנגעקומען די אימפּעריִאליסטישע מילכאָמע. די רוסישע אינטעליגענץ האָט זי באגעגנט מיט צעיושעטן שאָוויניזם, מיט קוירים־פאלן פארן קייסער. די בורזשואזע און קלייַנבירגערלעכע שרייַבער און דיכטער — די אנדרייעווס, קופּרינס, באלמאָנטס — דידאָזיקע גאנצע אזויגערופענע „גייַסט־אריסטאָקראטיע״, דאָס „אויבערשטע פון שטייסל״ — זיי האָבן אלע זיך א וואָרף געטון אין די אָרעמס פונעם צאריזם, נאציאָנאליזם, מיליטאריזם,

גענומענ גוואלדעווענ וועגנ „דײַטשישע אכזאָריעס״, וועגנ „דער סאקאָנע פאר דער קולטור״, וועגנ „פראנצויזישער דעמאָקראטיע״.

מע האָט באדארפט האָבנ א קאָלאָסאלע איבערצײַגונג־קראפט און א שיר בירגערלעכנ מוט קעדיי דעמאָלט, אינ 1915־טנ יאָר, אופצוהייבנ א קאָל קעגנ דער מילכאָמע. מע האָט באדארפט אזוי שטארק פארהאסנ די בורזשואזע געזעלשאפט, ווי מאיאקאָווסקי, קעדיי און א טעאָרעטישער צוגרייטונג, און שום פארבינדונג מיט די ארבעטער־אָרגאניזאציעס, וואָס האָבנ זיכ געפונענ אינ אונטערערד, צו דערזענ, אינ נאָמענ פונ וואָס, פונ וועמעס אינטערעסנ וועגנ עס גיסט זיכ בלוט.

צווישנ ווילדנ פאטריאָטישנ געוואָי האָט זיכ דערהערט מאיאקאָווסקיס שטימ, די ניכטערע, מעכטיקע פראָטעסט־שטימ.

אײַכ, וואָס האָבנ ליב ווײַבער און מאכאָלימ,
פונ אײַערטוועגנ דאָס לעבנ צו שענקענ ?!

צווישנ דעמ געהויל אונ דער נאציאָנאליסטישער העצע האָט ער גענומענ שרײַענ וועגנ די צעשעדיקטע און צעבראָכענע, וועגנ די פארברענטע אונ דערטרונקענע, גענומענ שרײַענ וועגנ די רײַכע, וועגנ די, וואָס „קלערנ, ווי זיכ אָנפרעסנ״, וועגנ די, וואָס פונ זייערטוועגנ זײַנענ מיליאָנענ געגאנגענ אפ שכיטע. ער האָט הויכ געמאָלדנ:

קיינער האָט ניט געבעטנ,
אז פארנ פאָטערלאנד
זאָל א ניצאָכנ זײַנ באשערט.
דער אָנהענטיקער גישער פונ בלוטיקנ מאָלצײַט—
ער האָט אימ אינ דר'ערד !

פונקט אזוי זיכער האָט ער פארנומענ א פאָזיציע גלײַכ אינ די ערשטע טעג פונ דער פעווראל־רעוואָליוציע. די קראפט פונ

זײַנ האס צו די רײַכע אונ זאטע, צו דער בורזשואזיע האָט אים געגעבנ די מעגלעכקײַט צו דערקענענ דעמ סוינע, אונטער וועלכע מאסקעס ער זאָל זיכ ניט פארבאהאלטנ. אונ אינ די עסערנ אונ מענשעוויקעס, וואָס האָבנ געשריבנ וועגנ דעמ דײַטשישנ שפּיאָ־נאזש פונ די באָלשעוויקעס, אונ אינ די אינטעליגענטנ, וואָס האָבנ געיאָמערט וועגנ דעמ אומקומ פונ קולטור, האָט ער דערקענט די פארהאסטע פעטע מאָרדע פונעמ באלעבאָס — דעמ בורזשוא. אונ דערקענט — האָט ער זיכ געשטעלט אפ דער זײַט פונ די באָל־שעוויקעס, אינסטינקטיוו, נאָכ ניט אָפּגעבנדיק זיכ קײנ כּפּזשבנ אינ די שפּעטערישע אופגאבעס, וואָס שטײענ פאר דער פּראָלעטא־רישער רעוואָליוציע. ער האָט געוווסט פעסט אײנ זאכ: די באָל־שעוויקעס וועלנ פארניכטנ די פארהאסטע אָרדענונג, ער דארפ גײנ מיט זײ.

אזוי ארומ האָט די אָקטיאבער־רעוואָליוציע ניט אוועקגעשטעלט פאר מאיאקאָווסקינ קײנ פראגע: „אָנצונעמענ אָדער ניט אָנצונע־מענ ?“ פאר אימ איז דאָס געווענ זײַנ רעוואָליוציע, נאָר אײגנ־ארטיק, בונטאריש פארשטאנענ. אונ גלײַכ, אָנ טײַנעס, פרײדיק געגומענ זי באזינגענ:

גענוג שוינ גראָשנדיקע עמעסנ,
פונ הארצנ וויש אויס דאָס אלטע.
די גאסנ אונדזערע — פענדזלענ,
אונדזערע פּאליטרעס — די פּלעצער.

ס'איז כאראקטעריסטיש, וואָס פונעמ מאָמענט פונ דער אָק־טיאבער־רעוואָליוציע אָנ זײַנענ פונ מאיאקאָווסקיס שאפנ קימאט אינגאנצנ פארשוווּנדנ די פּעסימיסטישע אונ רײנ־פּערזענלעכע מאָ־טיווּנ פונעמ ערשטנ פּעריאָד. פול מיט פּאטאָס, לעבנספרײדיק, מיט א קלינגענדיקער שטימ, האָט ער געהאלכנ אינ אײנ זינגענ וועגנ דער רעוואָליוציע.

מ ט טאט,
מיט בלוט,
מיט דער שורע דערדאָזיקער,
וואָס איז אינערגעצ
ניט געווענ פארדונגענ,
איכ רימ
די אופגעפלויגענע, ווי א רויטע ראקעטע,
די אָקטיאבערשע,
געשאָלטענע
אונ דורכגעזונגענע,
מיט קוילנ געלעכערטע פאָנ!..

עמעס, ער איז נאָכ א לאנגע צײַט אויכ אינ דער רעוואָליו־ציע געבליבנ א בונטאר — א יאָכיד, געזוענ אינ איר דעריקער די צעשטערנדיקע קראפט, ניט די שעפערישע. אָבער געשטעלט זיכ צו דינסט פונ דער רעוואָליוציע, געשטעלט זײַנ שאפנ אונטער איר קאָנטראָל, האָט ער צוזאמענ מיט דער אנטוויקלונג פונ אָט דער רעוואָליוציע אלצ מער בײַגעקומענ אינ זיכ די רעשטלעכ פונ דער אינדיווידואליסטישער, פוטוריסטישער פארגאנגענהײַט, אלצ מער געשפאנט פוסטריט מיט איר, אלצ מער דורכגעדרונגענ זיכ מיט אירע אופגאבעס, אלצ פולער צונויפגעגאָסנ זיכ מיטנ פראָ־לעטאריאט.

אונ כאָטש מאיאקאָווסקינ איז ביזנ טויט ניט געלונגענ ארומ־צוכאפנ אינגאנצנ דעמ קאָמפליצירטנ סכומ אופגאבעס, וואָס שטײַ־ענ פאר דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע (ער האָט, אשטייגער, אינגאנצנ פארזענ דעמ בונד פונעמ פראָלעטאריאט מיטנ פויער־טומ), דאָכ דארפ מענ זאָגנ, אז זײַנ וועג פאר דער גאנצער צײַט רעוואָליוציע איז געווענ א וועג פונ אלצ מער דערנעענטערנ זיכ צו דער פראָלעטארישער דיכטונג אונ, אויב מע האָט נאָכ עפשער

מאיאקאָווסקין ניט געקאָנט אָנרופנ ריינ־פראָלעטארישער דיכטער, איז זײַנ וועג יערנפאלס געווענ א וועג פונ א פראָלעטארישנ דיכטער. פול ביזנ ראנד מיט רעוואָליוציאָנערנ פאטאָס, דער גרעסטער דיכטער פונ אונדזער צײַט, איז ער געווענ גרויס אויכ דערמיט, וואָס ער האָט געקענט אָט דעמ פאטאָס אויכ אינ די מינדסטע קלייניקײַטנ פונ אונדזער לעבנ. שאפנדיק די גרוי־סע רעוואָליוציאָנערע פאָעמעס, ווי „150 000.000", ווי די פאָעמע וועגנ לענינענ, ווי „גוט", האָט ער גלײַכצײַטיק געדונערט וועגנ וואנעס אינ ארבעטער־דירעס, זיכ געשלאָגנ מיט אנטיסעמיטיזמ אונ כוליגאנערײַ, געשריבנ בײַסנדיקע שורעס וועגנ באלעבעסלדי־קײַט אינ שטייגער, אגיטירט פאר דער געווינס־האלוואָע אונ מיט שטאָלצ געזאָגט וועגנ זיכ:

איכ, דער וואסערפירער

אונ אסעניזאטער,

דורכ דער רעוואָליוציע

גערופנ אונ מאָביליזירט..

ער, וואָס האָט געשאפנ א ליטערארישע עפּאָכע, האָט אויס־געלעקט —

דעמ שפײַ פונ שווינדזוכט

מיט שאָרסטקער צונג פונ די פלאקאטנ.

ער האָט זיכ ניט געשראָקנ פאר פובליציסטיק אינ דיכטונג, געשמיסנ פײַערדיק די אלע, וואָס פארשליסנ זיכ אינ די ראמענ פונ „ריינער פאָעזיע". אונ זײַנ טיפ-עמאָציאָנעלע פובליציסטיק איז געווענ קינסטלעריש, ווײַל זי איז געווענ אָרגאניש.

פילנדיק, אז איצט הערנ אימ שוינ ניט קיינ צענדליקער אונ הונדערטער, נאָר מיליאָניקע מאסנ, האָט מאיאקאָווסקי גע־שטרעבט צו פארײנפאכנ די קאָמפּליצירטע פאָרמע פונ זײַנ פערז, כאכנ אימ צוטריטלעכ פאר די מאסנ.

די ווערטער:

און ס׳גאנצע כּײַעל
ביז די ציינ באוואָרנט,
וואָס האָט אינ זיגנ
צוואנציק יאָר געשמעטערט,
ביז סאמע לעצטנ,
סאמע עקסטנ וואָרט —
כ׳גיב דיר עס אָפּ,
דיר, פּראָלעטאריאט פונ דער פּלאנעטע. —

זײַנעג אינ זײַנ מויל געוועג ניט קיינ פּוסטע פראזע. ער האָט באוואוסטזיניק און איבערצײַגט אָפּגעגעבנ זײַנ גאנצ שאפנ צו דינסט דעמ פּראָלעטאריאט.

לעפּיש געשאפּענע אומשטענדנ, א מינוטיקע שוואכקײַט, וואָס איז נאָכ דערצו געקומענ פונ א פּארצויגענעמ גריפּ — און א שאָס האָט איבערגעריסנ דעמ רומפולנ וועג פונעמ דיכטער. מאיא־קאָווסקי האָט ניט איינמאָל אינ זײַנע לידער פאַרורטיילט אזא טאט. וועגנ יעסענינס טויט האָט ער געשריבנ:

אינ דעמ לעבנ
איז ניט שווער צו שטארבנ,
דאָס לעבנ אויסבויענ
איז שווערער אפּ אסאכ.

ער האָט געטרוימט וועגנ טויט אינ שלאכט:

ס׳ווילט זיכ לעבנ,
דורכ די יאָרנ טראָגנ זיכ אזוי אָט.
נאָר צולעצט איכ וויל —
מער האָב איכ קיינ באגער ניט —
כ׳וויל באגעגענען

מײַנ שאָ פונ טויט,
ווי דער כאווער נעטע
האָט באגעגנט.

ער האָט ליידנשאפטלעכ געשריִענ:

איכ פארהאס
יעטווידע פעגירע,
איכ אכט
אלצ, וואָס לעבט.

ער האָט זיכ אליינ פארורטיילט. זײַנ פעלער האָט קיינ באַרעכטיקונג. אָבער דער פּראָלעטאריאט, וואָס פארורטיילט אָנ ראכמאָנעס וולאדימיר מאיאקאָוסקיס טויט, דארפ געדענקענ וועגנ זײַנ שעפערישער ארבעט אפ צו שאפנ די פּראָלעטארישע דיכטונג, וועגנ די לאנגע יאָרנ קאמפ אינ די רייענ פונעמ פּראָלעטאריאט פארנ —
סאָציאליזמ
אויסגעבויט
אינ שלאכט.

**יע. אוסיִעוויטש**

1 IV 1930



## באפעל נומער צוויי
## צו דער קונסט־ארמיי

ס׳איז צו אײַך —
באריטאָנען פּעטע און זאטע,
וואָס פון אָדעמס צײַט ביז צײַטן ביז שפּעטע
צעטרייסלען די הײַזלעך, וואָס רופן זיך טעאַטערס
מיט אריעס פון ראָמעאָס און דזשוליעטעס [1].

ס׳איז צו אײַך, פּיינטערס [2]
פערדיש צעשוומענע —
פרעסנדיקער און הירזשענדיקער רוסלענדישער שטאָלץ,
פארשטעקטע אין די ווערקשטאטן
און לײַבער און בלומען
דראפּענדיקע, ווי אמאָל.

ס׳איז צו אײַך —
פארדעקטע מיט בלעטעלעך מיסטיקער,
די שטערנס צעגראָבן פון קנײטשן —
פוטוריסטיקלעך,
אימאזשיניסטיקלעך,
אקמעיִסטיקלעך[3],
אין שפינוועבס פון גראמען פארדרײט שוין.

ס׳איז צו אײַך,
וואָס פארבײַטן די שרונטן די גלאטע
אף צעשויבערטע,
אף לאפטיעס — דעם לאק,
פראָלעטקולטניקעס,
וואָס לײגן לאטעס
אף פושקינס אָפגעקראָכענעם פראק.

ס׳איז צו אײַך —
טענצלענדיקע,
מוקענדיקע,
מרוקענדיקע,
אינדערשטיל און עפנטלעך
לעבנדיק א טאָג,
וואָס מאָלן זיך די צײַט די צוקונפטיקע,
ווי א גרויסן אקאדעמישן פאיאָק.

אײַך זאָג
איך —
גענײַאל בין איך, צי װי בין איך,
איך, װאָס ארבעט אין „ראָסטא"
און די פליטערלעך פארשטופ,
איך זאָג אײַך,
ביז מע האָט אײַך מיט פריקלאדן ניט פארטריבן נאָך —
הערט אוף!

הערט אוף!
פארגעסט,
טוט א שפּײַ
אפ די גראמען,
אפ די אריעס,
אפן רויזיקן קוסט
און אפ איבעריקע שמאטעלײַ
פון די ארסענאלן פון קונסט.
װעמען איז טשיקאװע,
װאָס — „אָך און װיי דעם,
װי ער האָט געליבט,
און א מין אומגליק באזיצט ער"...
מײַסטערס,
ניט לאנגהאָריקע פריידיקערס
דארפן מיר איצטער.

הערט!
לאָקאָמאָטיוון הוילן,
אין שפּאַלטן און דילן פאַרבלאָזט עס
„גיט פון דאָן קוילן!
אין דעפּאָ אַרײַן
מעכאַניקערס און שלאָסערס!"

בא יעדן טײַך אין קראַמפן,
ליגנדיק מיט א לאָך אין גוף,
וואָיען דורך די דאָקן דאַמפּערס:
„גיט אונדז נאַפט פון באַקו!"

ביז מיר דולן זיך און ברײַען
און זוכן דעם באַהאַלטענעם דרײַי:
„גיט אונדז פאָרמעס נײַע!" —
טראָגט זיך פון זאַכן א געשריי.

ניטאָ קיין שוימים,
זאָלן וואַרטן, וואָס ט'אַרויס פון די לעפצן בא אונדז,
שטייענדיק פאַר די „מאַעסטראָס" מיט טאַמעוואַטן בליק.
כאַווײַרים,
גיט די נײַע קונסט,
אזא,
וואָס זאָל אַרויסשלעפּן פון שמוץ די רעפּובליק.



## דעם כאָוועך נעטע,
## דעם דאַמפּער און מענטש

כ׳האָב געטאָן א ציטער.
נ׳ט פּוסטער גײַסטער־וואָר.
אינעם פּאָרט,
וואָס ברענט
ווי זומער ווי צעפּלעטער,
האָט זיך אויסגעקערעוועט
און איז אַרײַן
דער כאָוועך „ט ע אָ ד אָ ר
נ ע ט ע״[4].

דאָס איז ער.
איך האָב אים גוט דערקענט.
מיט טאסן־ברילן
פון די רעטונג־בייגל בליקט.

— א גוט מאָרגן, נעטע!
ווי כ׳בין גליקלעך, וואָס דו לעבסט
מיט רויך־לעבן פון טרויבן,
אנקערן
און שטריק.

ס׳איז דיר ניט ווייניק טיף?
גיי צו נאָר נענטער!
פון באטום
מיסטאם מיט קעסלען גוט געטאָן א גיי?
ווען דו ביסט א מענטש געווען —
געדענקסטו, נעטע —
האָסט מיט מיר אין דיפ־קופע
געטרונקען טיי.
די שלעפער—שוין געכראָפּעט.
דו בלויז האָסט געזאמט זיך,
צו טריוואקס־שטעמפּלען
האָסט דעם בליק
פארשפּיצט,

פון ראָמקע יאקאָבסאָן
גערעדט א נאכט א גאנצע
און, לידער לערנענדיק,
אזוי געשוויצט.
דעם קוראָק אינ פינגער־קלעם—
באם איינשלאָפנ קאיאָר ...
פרווט נאָר קריכנ —
ווער ס׳איז גרייט צום קאמפ, איר!
האָב איכ דענ געטראכט,
אז אינגאנצנ בעראיאָר
כ׳וועל מיט דיר
זיכ טרעפנ —
מיט א דאמפער?
הינטער באָרטנ—
א לעוואָנע.
קיינ איינהאָרע ניט!
גאָר די וויַיט, אפ צוויי צערייַסנדיק,
צעהעלט,
פונקט אפ אלעמאָל
פונ שלאכט
פונ קאָרידאָרענעם
ציסטו נאָכ
די בלוטיק־העלע שפורנ
פונ א העלד.

אין קאָמוניזם
פון א בוך
ניט זייער גלויבט מען עס.
„מאלע
וואָס אין בוך
מ׳קאָן אָנדאָבערן נאָך!״
און אזוינס
געשטאלטיקט די „כאלוימעס״
און באוויַיזט
דעם קאָמוניזם
אין זיַין וועזן און זיַין טאָך.

מיר לעבן
איַינגעקלאמערט
אין א שווע א שטאָלענער,
און פאר איר —
אפ טויט.
און זאָלן קוילן וואָיען נאָך,
אז אפ דער וועלט
אָן רוסלאנדס
און אָן לעטלאנדס
זאָל מען
לעבן אלע
אין א מענטשלעכער צוזאמענוווינונג.

ניט קיין וואסער — בלוט
סע פליסט בא אונדז אין גלידער.
שפאנען מיר
דורך רעוואָלוציאָנס־קראכן,
קעדיי שטארבנדיק
פארקערפערן זיך ווידער
אין דאמפערס,
שורעס
און אין אנדערע
לאנגדויערדיקע זאכן

*

ס׳ווילט זיך לעבן,
דורך די יאָרן טראָגן זיך אזוי אָט.
נאָר צולעצט איך וויל —
מער האָב איך קיין באגער ניט —
כ׳וויל באגעגענען
מײַן שאָ פון טויט,
ווי דער כאוואר
נעטע
האָט באגעגנט.

— — — — — — — — — — — — —



# די בעסטע ליד

די אאודיטאָריע
פּלייצט זיך
מיט צעטלען צעדרייען,
מיט פּראַגעס שטעכיקע
שיט:
„כאָווער מאַיאַקאָווסקי,
לייענט
דורך
אייער בעסטע
ליד".

א וואָסער ליד
מיט קאָוועד
— ? באַלוינען

טראכט איך,
אָן טיש געלענט.
זאָל איך דאָס זיי עפּשער לייענען,
און עפּשער גאָר
לייענען יענץ?

און ביז
כ׳טרייסל איבער
דאָס אַלטווארג סטראָפן
און דער זאל
ווארט
שטאר,
האָט פון דער צייַטונג
„ארבעטער פון צאָפן"
שטיל מיר
געזאָגט
דער סעקרעטאר...

און כ׳האָב א ברום געטאָן,
אראָפּ
פון פּאָעטישן טאָן,
ווי די האָרנס
פון יעריכע א געהייל:
„כאווירים!

די אַרבעטער
און דאָס כײַעל פֿון קאַנטאָן
האָבן פֿאַרנומען
שאַנכײַ!"
פּונקט
ווי בלעכ
אין די דלאָניעס מע קנעט,
האָבן אָוואַציעס
צעקנאַלט זיכ בראַוו.
פֿינף,
צען,
פֿופֿצן מינוט
האָט אַפּלאָדירט יאַראָסלאַוול.

פּונקט ווי אַ שטורעמ
דורכ ווערסטן
צעשפּאַרט זיכ,
ווי אַן ענטפֿער אַף אַלע
טשעמבערלענישע נאָטעס
האָט קיין כינע זיכ געקײַקלט, —
און די שטאָלענע פֿאַרצעפּס
האָבן פֿון שאַנכײַ
אָפּגעקערט
די דרעדנאָוטן.

כ׳וועל ניט צוגלייַכן
דעם פּאָעטישן רום
דעם כאָשעוועסטן,
דעם גאַנצן געליבטן
פּאָעטישן זשאַווער, —
ניט צוגלייַכן
צו אַ צייַטונג־פּאַקט
צו אַ פּאָשעטן,
אויב ס׳אַפּלאָדירט
אים
אַזוי
יאַראָסלאַוול.

ס׳איז פאַראַן דען
פון שטאַרקערער גוווּרע
אַ כאַווערשאַפט,
ווי די סאָלידאַרישקייַט
פון אַרבעטער־בינען!

אַפּלאָדירט־זשע,
איילער און טעקסטילער
יאַראָסלאַוולער,
פאַר די ווייַטע
און אייגענע
קוליס פון בינע.



## סערגיי יעסעניִנען

איר זײַט אוועק,
ווי זאָגט מען עס,
אפּ יענער וועלט—
פּוסטקײַט ... זיך פאַרשנײַדנדיק אין שטערנס,
וויכערט איר.
ביר־הײַזער,
אוואַנסן —
אַלצדינג פעלט ...
— ניכטערקײַט.

ניין, יעסענין,
ניט קיין שפּאָט
קיין ביטערער.
אינעם גאָרגל
ניט קיין שפּאַס —
אַ צאַר אַזאַ.
כ׳זע —
מיט אײַער האַנט
דער אָפּגעשניטענער
שאָקלט איר
פון ביינער אייגענע
דעם זאַק.
הערט נאָר אויף!
וואָס טוט איר?
איר זײַט באַם זינען?
ס׳זאָל דער טויט
די באַקן
אָנגיסן
מיט קרײַד?
איר האָט זיך
אַזוינס געקאָנט פאַרגינען,
וואָס קיינער
אין דער וועלט
האָט ניט געקאָנט ביז הײַנט.

צוליב וואָס?
פאַרוואָס?
אַ ײדעש האָט פאַרשטייניקט.
בעבען קריטיקער:
„שולדיק אינעם טאַט,
וואָס צוזאַמענגעבונד
מיט שטאָט
געווען איז ווייניק,
צופיל ווײַן און ביר —
אַלס רעזולטאַט".
ס'הייסט —
ווען איר פאַרבײַט
באַהעמע
אַפֿן קלאַס,
וואָלט ער ווירקן —
ווערט איר גלײַך אַ גאָלד.
נו, און דער קלאַס
פאַרגיסט דעם דאָרשט
מיט קוואַס?
דער קלאַס איז אויך אין טרינקען
ניט קיין יאָלד!
ס'הייסט,
מ'זאָל צושטעלן צו אײַך
נאָפּאָסטאָוועס אַ שאָק,

וואָלט איר מיט אינהאלט
באגאבטער ווערן
קאָנען:
א שורעס הונדערט
וואָלט איר שרייַבן
פאר א טאָג
אזוי לאנג
און גודנע,
ווי דאָראָגינ.

ניין. איך ווייס,
ווען דאָס וואָלט זייַן
אזוי,
וואָלט איר פריִער נאָך
צו טליִע קומען.
בעסער שוין פון בראָנפּן
פאלן טויט,
ווי פון אומעט!

ס'וועט די סיבּע פון פארלוסט
פאר אונדז
ניט עפענען שוין
ניט די טליִע,
ניט דאָס מעסערל דאָס שארפע.

## טינט

אין „אנגלעטער" [5]
געווען וואָלט עפּשער,
וואָלט מען שנײַדן זיך
די וועגעס
ניט באַדאַרפן.
„בּיס"! —
עס האָבּן זיך די נאָכמאַכערס דערפרייט,
שיר א ווזוואָד
האָט זיך צעקאַטעוועט
געשווינד.
נאָר צו וואָס
פאַרגרעסערן
פון זעלבּסטמאָרדן די ריי?
בּעסער שוין
פאַרגרעסער
די פּראָדוקציע פון טינט!
ס'האָט דער צונג
אַפ אַלעמאָל
זיך אין די ציין
פאַרמאַכט, הייסט עס.
שווער
און ניט צום אָרט
מיסטעריעס פּוסטע.

בײַ דעם פֿאָלק,
דעם גרויסן שפּראַכמײַסטער,
געשטאָרבן אַ געזעל
אַ זינגעוודיקער
און אַ לוסטיקער.
טראָגט מען שוין
פֿון לידער דעם לעווײַעדיקן ברוך
ניט געענדערט גאָר קימאַט
פֿון פֿאַבריקע לעווײַעס.
אַרײַנצוקנאַקן
טעמפּע גראַמען
אין דער קיוועה־רו —
דען אַזוי דעם דיכטער
קאָוועד מע באַווײַזט?
אײַך
קיין דענקמאָל איז דערווײַל ניטאָ נאָך.
וווּ איז ער,
דער בראָנדזע־ברום
און דער גראַניטן־גרונט? —
און מע טראָגט שוין אָן
צו גראַטעס פֿון דערמאָנונג
פֿון דערינערונגען
און פֿון ווידמונגען —
דעם שונד.

אין טיכלעך מע צעסמאַ־קעט

אײַער נאָמען אָפּט,

אײַער װאָרט

צעסלינעט סאָבינאָװ [6],

פֿון אונטער א געפּײגערט בעריאָזקעלע

ער פּאָכעט:

„Ни слова, о, друг мой,

Ни вздо-о-оха!"

עך,

מיט אן אנדער פֿײַנעם טאָן

מיט לעאָניד לאָענגרינישן [7]

א טײַנע טאָן:

כ'װעל די ליד

צעפּאטשקען

ניט דערלויבן.

װי א סקאנדאליסט א שטעל טאָן זיך

און — אָט

מיט א פּײַפּ מיט א דרײַפֿינגערדיקן

זײ

פּארטויבן

אינעם טאטנס טאטן

און אין גאָט!

זאָל די טעמפּע טומע

זיך אין יוינט צעטראָגן,

זעגלען פינ פידזשאקעס
צעבלאָזנ
אונ אוועק,
אז עס זאָל צעשיטנ זיכ
אפ פיצלעכ קאָגאנ [8],
מיט די וואָנצעס
די פארבײַגייערס
קאליעטשענ אפנ וועג.
שמוצ
דערווײַל נאָכ
דאָ פאראנענ פיל איז,
ארבעט אָנ א שיר —
דו זײַ נאָר פלינק.
מ'דארפ דאָס לעבנ
איבערמאכנ טכילעס,
מאכ עס איבער —
אונ דערנאָכ באזיגנ.
אונדזער צײַט
איז שווערלעכ פאר דער פענ;
אָבער זאָגט,
איר, קאליקעס, איר שפּאָטישע —
וועלכער גרויסער
האָט עס אויסגעקליבנ
וועג

א וועג פאר זיך,
וואָס לײַכט
און דורכגעטראָטנ שוינ?
דאָס וואָרט
איז דאָך דער פידער
פונ דער מענטשנ־גוורע.
מארש!
עס זאָל די צײַט אהינטער אונדז
זיך אופרײַסנ — אונ גאָר.
צו אלטע טעג
זאָל דער ווינט
פארטורענ
בלויז די פלאָנטערניש פונ האָר.
ס׳איז פאר פריידנ
אונדזער ערד
צו ווינציק נאָך באארבעט.
רײַס ארויס
די פרייד
בא צוקונפטיקער
פראכט.
אינ דעם לעבנ
איז ניט שווער צו שטארבנ,
דאָס לעבנ אויסבויענ
איז שווערער אפ אסאך.



## אהיים

איר, געדאנקען, גייט אוועק וואָס ווײַטער,
נעמ ארומ זיך,
טיפ פונ הארצ אונ יאמ.
יענער,
וואָס איז טאָמיד לויטער, —
יענער,
רעכנ איך,
איז פראָסט א טאמ.
כ׳בינ אינ ערגסטער קאיוטע
פונ אלע ארומ ;
דורכ נאכט איבער מיר
טויזנט פיס קאָוועג אומ,
דורכ נאכט
פונ מײַנ סטעליע די רו זיך צעברעכט,

עס טראָגט זיך א טאנץ,
א מעלאָדיע קרעכצט:
„מארקיטע,
מארקיטע,
מארקיטע, מייַן בלי,
פארוואָס־זשע,
מארקיטע,
דו האָסט מיך ניט ליב?..״

און פארוואָס
זאָל ליבן מיך מארקיטע?
ס׳איז קיין פראנקן דאָך
בא מיר ניטאָ.
און מארקיטען
(בלויז א ווונק מע גיט איר)
פאר הונדערט פראנק
אין קאבינעט פירט אָפּ.
ניט צופיל געלט —
איז טו א לעב מיט שיק!
ניין,
דער אינטעליגענט
דעם שמוץ פון טשוב צעשמייַסט
און וועט שענקען איר
א ניי־מאשינקע,

וואָס שטעפּט
דעם זייַד פון לידער
דורך די לײַסט.
פּראָלעטאַריער
צום קאָמוניזם
קומען מיט דער נידער,
מיט דער גידער
פון די שאַכטעס,
סערפּנשאַרף און מי, —
איך
אין קאָמוניזם וואַרף זיך
פונעם הימל לידער,
ווײַל קיין ליבע
אָנעם קאָמוניזם
איז ניטאָ פאַר מיר.
ס'איז אַלציינס —
געשיקט כ'בין צו דער מאַמען,
צי כ'בין אַליין אוועקגאַן —
עס זשאַווערט שטאָל פון וואָרט,
ס'ווערט שוואַרץ דאָס מעש פון באַס.
צוליב וואָס אונטער די אויסלענדישע רעגנס
זאָל איך פוילן,
זשאַווערן
און ווערן נאַס?

מיט פוילקייט
קוים איך קאָן
פון מײַן מאשין די טײלן
א באוועג טאָן שוין.
הינטער יאמען א פארשלײַדערטער
אזוי איך ליג.
כ'פיל זיך איצט
פאר א זאוואָד
פאר א סאָוועטישן,
וועלכער ארבעט אויס גליק.
איך וויל ניט,
מע זאָל מיך, ווי פון לאָנקע א קווייט,
פליקן נאָך טאָגיקן יאָך.
כ'וויל,
ס'זאָל אָפּגיין דער גאָספּלאן
אין דעבאטן מיט שווייס,
מיר געבנדיק
אן אופטראָג אפּ א יאָר.
איך וויל —
אפּן געדאנק
דער קאָמיסאר פון דער וועלט
זאָל זיך אָנזעצן מיט באפעל.
איך וויל —
מיט ספּעצן־געהאלט און אריבער

באקומען דאָס הארץ זאָל
ליבע.
איך וויל —
דער זאווקאָם זאָל אין ארבעט־שלוס
מיר פארשליסן דאָס מויל
מיט א שלאָס.
איך וויל —
ס׳זאָל די ליד
פארגלײַכט צו געווער זײַן,
צו שמעלצונג
פון שווערע מעטאלן,
פון פּאָליטביוראָ
וועגן ארבעט פון פערזן
זאָל געבן
באריכטן סטאלין.
„אזוי און אזוי...
ביזן העכסטן שיכט
מיר זײַנען ארויס
פון די נאָרעס פון פראצע:
אין פּסר״ר
איז העכער
דער פארשטאנד פון געדיכט
פונעם
פארמילכאָמעדיקן מאצעוו...״



## דער מארש
## פון שלאָג־בריגאדעס

פאָרויס!
מיט טראַקטערס איבער דער ערד!
מיט דאָמענס
צו קאָמונע
א ברוק צי אויס!
הײַנט
שלאָג זיך, רעוואָליוציאָנער,

אפ באריקאדעס
פונ פראָדוקציע.
די ברוסט
די קאָלעקטיווע
ווי א בלאָז־זאק צעפעכ.
צעטראָג
דעמ לאָזונג
דורכ ארבעטער־ווזוואָדנ:
פונ שלאָג־בריגאדע —
צומ שלאָגלערשנ צעכ,
פונ צעכנ —
צו שלאָג־זאוואָדנ.
פאָרויס!
לאָמפנ
קלאפ ארײַנ,
ווי צוועקעס,
אינ רוסלענדישער כאשכעס —
מיצראַימ.
דעמ טראָט האלט!
דעמ טעמפ
ניט אוועק גיב!
דאָס פינפיאָר
איבעריאָגנ
טרײַב!

דאָס אלטווארג
פון דער אורבאָבעס טעכניק
צעברעכ !
דניעפער,
טורבינעס
דריי אינ א ראָד אָנ.
פון שלאָג־בריגאדע
צום שלאָגלערשנ צעכ,
פון צעכנ —
צו שלאָג־זאוואָדנ.
פאָרויס !
די קאָמונע,
ווי א גאָלדענער פיש
פון צייט־וואסער
כאפט זיכ ניט
איידער וואָס.
דריי אָנ,
פלי אָנ,
דעמ גאנג צעמיש
אָנ יאָנטויוויִמ,
מיט דער קעסיידער־וואָכ.
דעמ טראקטער — אהינ,
ווו געראָיעט לעמעכ,
דאָס ברויט

שטורמיר
אפ קאָלווירטישן באָדן —
פון שלאָג־בריגאדע
צום שלאָגלערשן צעך,
פון צעכן —
צו שלאָג־זאוואָדן.
מיט ריזיקן גאנג!
די פראָגולן פאריאָג!
צו הינט בורזשואזע
גיט טײַנע מער.
אַרויס!
דעם פינפיאָר
אין פיר יאָר
אויספילן.
אויסיאָגן.
אײַנעמען.
טײַך,
עלעקטרישע
צינד
לעכט,
באווע די פאבריקן,
מיט ראעש צעזאָדן.
פון שלאָג־בריגאדע
צום שלאָגלערישן צעך,

פון צעכן —

צו שלאָג־זאוואָדן.

ענטוזיִאזם,

צעוואקס זיך,

צעצינד

פאבריקיש,

רעגנבויגנ־פלאמיש.

דער סאָציִאליזם

הייבט אוף זיך אצינד

עמעסדיק,

לעבעדיק,

מאמעש.

דעם לאָזונג

אפ פלאקאטישע פארבנ

פארצייכנ.

צעטראָג

אינ לידער

געלאָדנ:

פון שלאָג־בריגאדעס

צום שלאָגלערשנ צעך,

פון צעכנ —

צו שלאָג־זאוואָדנ.

— — — — — — — — — — —



# וולאדימיר איליטש לענין

(פראגמענטן פון דער פּאָעמע)

געווידמעט דער אַל.ק.פ.(ב)

צײַט פון לענינען דערציילן —
נים דערפאר,
וואָס בא אונדז
קיין צאר ניטאָ קיין צווייטער;
צײַט, —
ווײַל ס׳האָט פארוואנדלט זיך
דער גאָגנדיקער צאר
אין א קלאָרן,
א באוווּסטזיניקן ווייטעק.
צײַט שוין
ווידער לעניניסטע לאָזונגען צעשווועבן דאָ,

ניט מיר
וועלן אין טרערן
זיך צעגיסן.
לעבנס איז איצט אויך
דער לעבעדיקסטער צווישן לעבעדיקע —
אונדזער קויעך,
וואָפּענונג און וויסן.
— — — — — — — — — — —
מאָסקווע.
בײַ די שײַטערס —
דורכגעפרווירענע פון פרי זייער.
ס'ציטערט אויף די ערד די פּראַקטיקע,
מיט טריט געקאָוועט.
וואָס האָט ער געטאָן?
פונוואַנען
און ווער איז ער?
און פאַרוואָס
פאַר אים
אזא מין קאָוועד?
וואָרט נאָך וואָרט
ארויסשלעפּנדיק פונעם זיקאָרן,
כ'וועל צו אייגעם
איצט ניט זאָגן —
זעץ זיך אפּן אָרט.

ווי דער ווערטער־ווארשטאט
בא דער וועלט
איז אָרעם!
ווו נעמט מען עס,
דאָס פאסנדיקע וואָרט?
מיר האָבן —
זיבן טעג בלויז;
מיר האָבן —
צוועלף שאָען נאָר.
לעבן מער ווי ס׳לעבט זיך
איז אומעגלעך.
דער טויט
אנטשולדיקן זיך קאָן ניט.
און אויב
מיט די שאָען איז שווער,
און ס׳איז קליינ
קאלענדארישע שטופע,
זאָגן מיר דעמאָלט —
„ערא״,
זאָגן מיר דעמאָלט —
„טקופע״.
מיר
טוען
באטאָג.

באנאכט
דער שלאָף
קרעפּטיקט.
מיר זײַנען
שטענדיק פאַרטראָגן
יעדערער
אין זײַנע געשעפטן.
און דעם
פאַר אַלעמען זעט
דעם גאַנג
פון געשיכטע
צו בויען,
רופן מיר אָן
„פּראָפּעט".
רופן מיר אָן
„גאָען".
ס'איז אונדזער פּרעטענזיע —
ניט ווײַט.
מע רופט ניט —
וועלן מיר זיך ניט רירן.
מיר געפעלן
דעם אייגענעם ווײַב —
דערמיט אויכעט
ביז גאָר צופרידן.

און אויב
ניט אזא מין מענטש גיט א טראָט —
און גוף
און נעשאָמע איז אייניק,
שטאמלען מיר:
„א טאלאנט פון גאָט",
באוואונדערן מיר:
„א שטאלט פון א קעניג".

— — — — — — — — — — — —

מ'קאָן דען
לענינען
מיט אָט אזוינע מאָסן ווירען!
יעדער איינער
זעען האָט געקאָנט:
אָט די „טקופע"
איז דאָך דורך
אים טירן,
אָן אורשאק
אפילע ניט פארטשעפענדיק
דעם קאָפּ.

— — — — — — — — — —

פאר גאָט
דער קאָוועד דער קאזיאָנער
האָט קיין ווערדע שוין —

ניין !
הײַנט
מיט װײַטעק עמעסן
דאָס הארץ פארפרוירן װערט.
מיר
באַגראָבן הײַנט
דעם סאמע ערדישן
צװישן אלע מענטשן,
װאָס אדורך
אפ אונדזער ערד.

— — — — — — — — — — — — — —

אימ
און אונדזו
דערזעלבער איניען טײַער איז.
איז פארװאָס־זשע,
שטייענדיק
אזוי ניט־נאָנט אימ,
ס'גאנצע לעבן
גליקלעך
און אָן טײַנעס
װאָלט איך שענקען
פאר זײַן מינדסטן
אָטעמ ?

ניין, ניט איך אליין!
כ׳בין בעסער דען? —
ווער טראכט עס!
ס׳מויל נאָר עפן אוף,
ניט רוף אפילע אויס —
ווער פון אייַך,
פון דאָרף,
פון הויט ארויס,
פון שאכטעס
וועט ניט קיין שפאן געבן
פאָרויס?
כ׳שאָקל זיך —
ווי צופיל וויַין צי צאער
איך וואָלט אריַינגעבויטעט —
פאר טראמוויַיען
אינסטינקטיוו
איך היט די הויט.
ווער וואָלט
איצט
באוויינען דען
מיַין טויטל
אינעם טרויער
פון דעמדאָזיקן,
דעם גרענעצלאָזן טויט!

מ׳גייט מיט פאָנען
סײַווי.
און עס דוכט זיך —
רוסלאַנד
ווידער וואָגלט,
ווי געווען.
דער קאָלאָנען־זאַל
צעשפּאַנט
אַף דורך־און־דורך איז.
וויאַזוי?
פאַרוואָס־זשע?
און פאַר וועמען?
דער טעלעגראַף
איז הייזעריק
פון טרויעריקער שפּאַנונג.
שנײַ
פון רויט־פאַרווײַנטע פאָנען־וויעס
טרערט.
וואָס האָט ער געטאָן,
ווער איז ער
און פונוואַנען,
אָט דער מענטשלעכסטער
פון מענטשן אַף דער ערד?
— — — — — — — — — — — —

ס׳קלאפּט אין די ווענעס
אונ שלייפן דאָס בלוט,
געדאנקען צעמישטע
דעם קאָפּ פארכלינען.
— נעכטן
זעקס אזייגער מיט פופציק מינוט
איז געשטאָרבן כאווער לענין! —
הונדערט יאָר
וועלן ניט זען,
וואָס ס׳האָט געזען דאָס יאָר.
דער טאָג,
ווי א לעגענדע,
וועט פאר דוירעס
זיך באווייזן.
איבער באָלשעוויקעס
דורך איז א געיאָמער,
איימע
האָט א קרעכצ ארויסגעפרעסט
פון אייזן.
שוידער־לאסט!
ס׳האָט יעדער זיך
ארויסגעשלעפּט מיט גוואלד —
זיך דערוויסן:
ווי אונ ווען?

נו, זאָגט, ניט מאטערט!
אינ גאסנ
און אינ געסלעכ,
ווי א קאטאפאלק,
געשווומענ איז
דער גרויסער טעאטער.
פרייד
ווי א שנעקל, פויזעט,
נאָר צאער
האָט א ווילדנ געדריי,
קיינ זונ
און קיינ אײַז ניטאָ איז אָט.
אלצ
האָט דורכ דער צײַטונגס גרוי־זיפ
פארפראָשעט
דער שווארצער שניי.
אפנ ארבעטער
באם סטאנאָק,
ווי א קויל,
די יעדיִע א שאָס,
און פונקט
ווי פארגאָסנ מע האָט
אפ אינסטרומענטנ
טרערנ א גלאָז.

און א פויער,
וואָס א לעבן
האָט דורכגעטראָטן,
ניט איינמאָל
באַגעגנט מיט מוט
דעם טויט
האָט זיך אָפּגעקערט פון ווייַב,
נאָר אויסגעגעבן האָט אים
מיטן פויסט
דאָס צעריבענע קויט.
מענטשן—שטיינער
די אויכעט אצינדער
האָבן זיך פאַרביסן,
פּיצלענדיק די ליפּן.
ווי זקיינים ערנסט
געוואָרן זייַנען קינדער,
און ווי קינדער,
האָבן זקיינים זיך צעכליפּעט.
ווינט
אף גאַנצער ערד
האָט שלאָפּלאָז זיך צעוואָיעט,
און זי באַנעמט גיט
בעשומויפּן,
וואָס עס טוט זיך,

אז אין צימער פּראָסטיקן
פון מאָסקווע
ליגט אין אָרן טויט
דער פאָטער און דער זון
פון רעוואָליוציע.
א סאָפּ,
א סאָפּ,
א סאָפּ.
אז אלץ —
אומזיסט!
דאָס גלאָז,
און פונונטן — שייַנט...
דאָס טראָגט מען
אים
פון פּאוועליעצקער וואָקזאל
דורך שטאָט,
וואָס פארנומען ער האָט
בא די פייַנט.
די גאס,
אזויווי א וווּנד א דורכויסיקע,
קרעכצט אזוי
און מיט ווייטעק בראָט.
יעדער שטיין דאָ
לענינס בריוו קען

לויטן טופּען
פון ערשטן
אָקטיאַבערשן טראָט.
אַף יעדער פּאַן
דעם מינדסטן
געניי דאָך
האָט ער פאַרטראַכט,
און באַפוילן אויך.
יעדער טורעם
האָט דאָ געהערט
לעניגנס ריידן,
נאָך אים
וואָלט ער גיין
אין פייער און רויך.
יעדער אַרבעטער
לעניגנען
קען דאָ.
מיט צווייגן פון טאַג
בעט אים אויס
יעדעס האַרץ.
ער האָט צו זיגן
די שלאַכטן געוועגדעס,
און דער פּראָלעטאַריער
איז שוין דער האַר.

דאָ
יעדער פויער
האָט לענינס נאָמען
פארשריבן אין הארץ,
אז געדענקען
זאָל מען.
ער האָט
געהייסן
די ערד פארנעמען,
פון וועלכע
די זיידעס פארשמיסענע
כאָלעמען.
— — — — — — — — — — — — —
וואָלט איצט
זיך דערהערן
א וואָרט פון א מכאשעף,
אז אופלעבן זאָל ער,
נאָר שטארבן מ י ר דארפן —
די דאמבע פון גאסן
צעשטראָלט וואָלט זיך ראשיק:
מיט לידער אפ טויט
וואָלטן מענטשן זיך ווארפן.
נאָר ווו נעמט מען ווונדער,
און טרוימען ווער קען איצט?

בלויז לענינ,
דער אָרנ
אונ פלייצעס גרויע.
ער איז א מענטש געווענ
ביז דער מענטשלעכער גרענעצ —
איז גיי־זשע
אונ ווארג זיכ
מיט מענטשלעכנ טרויער.
א לאסט אזא טײַערע
האָבנ נאָכ קיינמאָל
אונדזערע יאמענ
ביז איצט
ניט געטראָגנ,
ווי דעמ אָרנ דעמ רויטנ
צומ הויז פונ פאריינענ,
וואָס שווימט
אפ די רוקנס פונ מארשנ אונ קלאָגנ.

---

דער פראָסט כאפט ארומ,
אונ ס'דאכט,
ער פרובירט אונדז,
אפ וויפל מיר זײַנענ
אינ ליבע פארהארטעוועט.

רײַסט אַרײַן זיך אין אוילעם,
אין שטופּן פֿאַרווירט זיך,
הינטער קאָלאָנעס
מיט אַלעמען שפּאַרט ער זיך.
עס וואַקסן די שטאַפּלען,
אַזױװי אַ ריפּ.
נאָר אָט
ווערט פֿאַרשטומט
דאָס זינגען און צאַפּלען.
ס'איז שרעק —
אונטער פֿיס
ליגט אַן אָפּגרונט טיף:
אַ דעקלאָזער אָפּגרונט
פֿון פֿיר שטאַפּלען.
אַן אָפּגרונט
פֿון קנעכטשאַפֿט אַף דורות און יאָרן,
װוּ מ'װײס נאָר
דעם קלונג פֿון מאַטבייע־רעזאָן.
אַן אָפּגרונט,
אַ ראַנד —
דאָס איז לעניִן, זײַן אָרן.
און װײַטער — קאָמונע
ביז סאַמע האָריזאָנט.
— — — — — — — — — — — — — —

טוט זײַד פֿון פֿאָנעז
זיך אפֿ אונטן
א שאָקל,
מיט ערע מיט לעצטער
געלאָדענע:

„Прощай же, товарищ,
Ты честно прошел
Свой доблестный путь благородный".

שרעק,
מאַך צו די אויגן
און ניט לייען —
פּונקט
ווי אפֿ דראָט
פּרוּווסטו אַליין צו גיין,
פּונקט
אפֿ א רעגע
געבליבן אַליין.
ביסטו מיטן עמעס
דעם גרויסן, דעם איינציקן.
כ'בין גליקלעך.
דאָס וואַסער פֿון מאַרשן־געקלאַנג
טראָגט ערגעץ אָפּ
מײַן קערפּער מײַן וואָגלאָזן.

איך ווייס —
פון איצט
און אפּ טאָמיד,
אפּ לאנג
די רעגע
דידאָזיקע
כ'טראָג אין זיך.
כ'בין גליקלעך,
וואָס איך
בין א טייל פון די קרעפטן
וואָס געמיינזאַם
זײַנען די טרערן, די לאסט.
שטארקער
און ריינער
מע קאָן ניט באהעפטן זיך
מיטן גרויסן געפיל,
וואָס זײַן נאָמען איז —
קלאס!
די פאָנען־פליגלען
זיך ווידער
פארנויגן,
קעדיי ווידער
אפּ מאָרגן
זיך הייבן אין שלאכט —

„געטרײַער,
די אָדלערשע אויגנ
מיר האָבנ אליינ דיר פארמאכט”.
ביז ווייטעק
די קארגע ריִע
צעפראלנ קוימ.
אזויװי פארפרוירנ
איכ שטיי אינ גרויל.
פאר מיר
שטייט איצט אופ
אינ פאָניקע שטראלונגענ
די טונקלע,
די שטומע,
די ערדישע קויל.
איבער איר דער אָרנ
א שטומער אינ קלעמ איז,
באמ אָרנ —
מיר שטייענ,
מענטשלעכע. פאָרשטייער,
אינ שטורעמ פונ אופשטאנד,
פונ טאט
אונ פאָעמעס,
צו פארמערנ דאָס,
וואָס מיר זעענ אָקאָרשט דאָ.



# אפנ גאנצנ קאָל

(ערשטער ארײַנפיר צו א פּאָעמע)

כאװײרימ, אורײניקלעכ
כאָשעװע!
ראָיענדיק זיכ
אינ הײַנטיקנ
פארשטײניקטנ דר...
דעמ כאשכעס פונ אונדזערע יאָרנ פּאָרשנדיק,
װעט איר
עפשער
אפ מיר אויכ געבנ א פרעג.

און פארענטפערנדיק מיט ערודיציע
פראגעס א מאסע,
וועט איַך איַער געלערנטער
עפשער פארטרויען,
אז ס'האָט געלעבט אזא
באזינגער פון געזאָדענער וואסער
און פארביסענער סוינע פון וואסער פון רויער.
פראָפעסער,
די וועלאָסיפּעד־ברילן ווארפט אָן א זיַיט!
כ'וועל אליין דערציילן
וועגן זיך
און מיַין ציַיט.
איך, דער וואסערפירער
און אסעניזאטער,
דורך דער רעוואָליוציע
גערופן און מאָביליזירט,
כ'בין אפן פראָנט אוועק
פון גערטנער
פריציש־זאטע,
פון דער געפעסטעטער נעקייווע —
פּאָעזי.
עך, פארזייט
א סעדל
איידל,

סעדל,
מיידל,
וואסער,
פליינ. —
כ׳האָב אליינ
פארזייט מײַנ סעדל,
כ׳וועל באגיסנ עס אליינ
ווער מיט לידער
גיסט פונ לייקעס,
ווער עס שפּריצט
פונ מויל ארויס
פילמעליציקע
מיטרייקעס,
מויעכ־שפּיציקע
קודרייקעס [10] —
זיי פארשטייט
דער טײַוול בלויז!
ס׳פעלנ אויס נאָר קאראנטינעס,
מאנדאלינעס וואָס אונ ווענ:
„טארא־טינא,
טארא־טינא,
טענ...
אפ רויזנ אזוינע
מײַנ דענקמאָל זאָל גרינדנ זיכ —

אזוינס א קאָוועד אפּ וויפל איז?
אינ סקווערנ,
ווּ ס'בליט
די לייכעצ
פונ שווינדזוכט,
ווּ זוינע,
ווּ בלאט
אונ סיפיליס.
מיר
אנ אגיטפּראָפּ זײַנ
איז אויכ ניט לײַכט.
כ'וואָלט אויכעט
געדריידלט
ראָמאנסנ פאר אײַכ —
סע לוינט מער
אונ מער סאָליד.
נאָר איכ האָב
געצוימט זיכ,
זיכ שטעלנדיק
גלײַכ
אפנ גאָרגל
דער אייגענער ליד.
כאוויירים־אורייניקלעכ,
הערט א י ר שוינ

דעם אגיטאטער,
דעם שרײַער,
דעם ראָש.
פארטויבנדיק
די שטראָמען ווירשן,
כ׳וועל א שפּאַן טאָן
איבער ביכלעך לירישע,
ווי א לעבעדיקער
מיט לעבעדיקע שמועסנדיק פּאָשעט.
כ׳וועל אָנקומען צו אײַך
אין קאָמוניסטישן װײַט,
ניט
ווי א מײַסע־גוואַר פון די יעסענינשע געדיכטן.
מײַן ליד וועט קומען
איבער באַרג־רוקנס פון צײַט
און איבער קעפּ
פון די רעגירונגען און דיכטער.
מײַן ליד וועט אָנקומען,
נאָר ניט ווי צופעליקערהייט
קומט אָן א פײַל
אינעם געיעג פון ליבע,
ניט ווי אן אָפּגעריבענער פּיאַטאַק
צום נומיזמאַט [11] דערגייט,
און ניט ווי טויטע שטערן־שײַן פליט איבער.

מײַן ליד

מיט מי

װעט דורכרײַסן דעם יאָרן־קרײַז,

זיך װײַזן װאָגיק,

שװער,

אַפּ זעען

און אַפּ גאַפן,

פּונקט װי אין אונדזער צײַט

די װאסערלײטונג איז ארײַן,

װאָס ס׳האָבן אויסגעבויט אַמאָל

אין רוים די שקלאַפּן.

אין ביכער־קװאָרים,

װוּ ס׳איז די ליד באַגראָבן שוין,

אנטדעקנדיק די אײַזנדלעך פון פּערז,

איר טאַפּט אַרום זיי

מיטן גרעסטן אָפּשײַ,

װי אַלט געװער,

נאָר גרויזאַמען געװער.

איך —

בין מיט װאָרט

דעם אויער

ניט געװוינט מעכײַע זײַן —

באַם אויער מײדלשן

אין הערעלעך געקרײַזלטע

פון האלבן גיבלפע,
פון רויט ווערן קיין שפור איז.
פאראדיש אויסגעשטעלט
מיין לידער־כייעל,
איך גיי אדורך
דעם פראָנט פון מיינע שורעס.
די לידער קוקן
בלייק־שווער מיך אָן,
ווי גרייט צום טויט
און גרייט צום אייביק שעמען.
און די פּאָעמעס —
א קאנאָן צו א קאנאָן,
זיי סטארטשען שטייפ
מיט אָנגעצילטע נעמען.
דאָס ליבסטע מין געוועד
עס שטייט געשפיצט
און גרייט איז
אפ פּאָרויס זיך ווארפן —
פארגליווערט שטייט
די קאוואלעריע פון וויץ,
פארהויבנדיק די גראמען —
פיקעס־שארפן.
און ס'גאנצע כייעל
ביז די ציין באוואָרנט,

וואָס האָט אינ זיגנ
צוואנציק יאָר געשמעטערט,
ביז סאמע לעצטנ,
סאמע עקסטנ וואָרט —
כ׳גיב דיר עס אָפּ,
דו, פּראָלעטאריער פונ דער פּלאנעטע.
פונ ריז פונ ארבעט־קלאס
דער סוינע איז לאנגאָנ
א סוינע א פארביטערטער
אויכ מיר.
ס׳האָבנ אונדז באפוילנ גיינ
אונטער דער רויטער פאָנ
די טעג פונ ניט דערעסנ
אונ די יאָרנ מי.
בא מארקסנ
האָבנ מיר
געעפנט יעדנ באנד,
ווי מ׳עפנט אופ
אינ אייגנ הויז
די לאָדנ.
נאָר אויכ אָנ לייענענ
האָט אונדז געקלעקט פארשטאנד,
מיט וועמענ גיינ,
אפ וועלכנ צאד זיכ שלאָגנ.

מיר האָבן
דיאַלעקטיק
ניט לויט העגעלן [12] געלערנט —
ס'האָט בראַנד פון שלאַכט
זי אין דער ליד פאַרזייט,
ווען די בורזשויען פלעגן
אונטער קוילן זיך פאַר אונדז צעקערן —
ווי מיר
אַמאָל
פאַר זיי.
זאָל נאָך געווינים,
ווי אַלמאָנע טרייסטלאָז־מאַט,
דער רום
אין טרויעריקן מאַרש
זיך שלעפּן —
דו שטאַרבן, מיין ליד,
דו שטאַרבן, ווי אַ סאָלדאַט,
ווי נאָמענלאָזע
זיינע אונדזערע
געשטאָרבן אין געשלעגן.
איך שפּיי זיך אויס
אַף מירמלדיקער שליימיקייט,
איך שפּיי זיך אויס
אַף פּודן בראָנזע־פּראַכט.

מירנ זיכ צערעכענענ —
מיר זײַנענ מענטשנ היימישע,
פאר אונדז וועט זײַנ
אנ אלגעמיינער דענקמאָל שוינ
דער סאָציִאליזמ,
אויסגעבויט אינ שלאכט.
אורייניקלעכ,
די ווערטערביכער־שווימלעכ קוקט אדורכ:
ארויסשווימענ פונ לעטע[13]
וועט אזא מינ ווערטער־ברוכ,
ווי „פּראָסטיטוציע",
„טובערקוליאָז",
„בלאָקאדע".
פאר אײַכ,
וואָס שטארק,
געזונט אונ פלינק זײַט,
האָט דער דיכטער
אויסגעלעקט
דעם שפּײַ פונ שווינדזוכט
מיט דער שאָרסטקער צונג פונ די פּלאקאטנ.
מיט שלעפּ פונ יאָר
כ׳וועד ענלעכ
צו גיגאנטישע
געווײַדלטע אונ אוראלט־מאָדנע בריִעס.

היי, כאוועך לעבן!
לאָמיר
שנעל א שפּאַן טאָן שוין,
א שפּאַן טאָן
דורכן פינפיאָר
מיטן לעצטן ביסל כיעס.
קיין מעבל־מאכער
האָבן מעבל ניט געשיקט אהיים מיר,
קיין רובלען מיט די שורעס מיינע
כ׳שפּאָר נישט,
און כוץ
א העמד אַן אויסגעוואשן ריינע,
דעם עמעס זאָגנדיק,
איך דארף מער גאָרנישט.
און קומענדיק אין צק״ק
פון העלן יאָרן־שפּעט
אריבער באנדעס
דיכטערשע
באַרייסער
און פארבלענדער,
וועל איך א הייב טאָן,
ווי א באָלשעוויסטישן פּארטיי־בילעט,
מיינע ביכלעך די פּארטייישע —
אלע הונדערט בענדער.



## דער וואָלקנ אינ הויזנ

(טעטראפטיכ) 14

אײַער געדאנק,
וואָס טרוימט אפנ צעווייכטנ מארכ,
ווי אפ פארשמאָלצענער קאנאפע א לאקיי אנ אָנגעפרעסענער,
וועל איכ רייצנ אָנ דעמ פארבלוטיקטנ צוויק פונ מײַנ הארצ.
כ׳וועל ביז זעט זיכ אָנשפאָטנ, א בײַסיקער, א פרעכער.
אינ מײַנ נעשאָמע איז קיינ איינ גרויע האָר נישטאָ,
אונ קיינ זקיינישע צארטקײַט געבאָר איכ ניט.

די וועלט פאַרדונערנדיק מיט מײַן האָרן־שטים,
גיי איך — אַ שיינער,
אַ צוויייונצוואַנציקיאָריקער.

צערטלעכע!
איר לייגט די ליבע אויף פידל־שפּילעניש,
דער האַרבער אויף פּאַנפּאַרעס לייגט די ליבע,
נאָר ווי איך זיך אויסקערן — איר קלערט אפילו נישט,
אַזוי אַז ס'זאָלן זײַן נאָר דורכויסיקע ליפּן.
זאָל קומען זיך לערנען
פון גאַסטצימער די מאַרקיזעטענע,
די טוגנדפולע באַאַמטעכע פון דער ליגע מאַלאָכימלעך
און יענע, וואָס די ליפּן רויִק בלעטערט,
ווי די קעכן די זײַטלעך פון קאָך־בוך.
ווילט איר —
כ'וועל זײַן פון פלייש אַ דערצאַרנטער
און — ווי הימל בײַטן דעם אויסזען;
ווילט איר —
כ'וועל זײַן אַ ווונדערלעך צאַרטער,
ניט קיין מאַנצבל — אַ וואָלקן אין הויזן!
איך גלייב ניט אין ניצעס מיט בלײַקע טאָלן,
איך זינג און איך לויב איצט פּאַשעט
מענער פאַרלעגענע, ווי שפּיטאָלן,
און פרויען, ווי אַ שפּריך־ווערטל אויסגעדראָשענע.

.1

מיינט איר, דאָס רעדט פון היץ די מאַליאַריִע?
ס'איז געווען.
אין אָדעס געווען.
„כ'וועל קומען פיר" — האָט געזאָגט מאַריִע.
אכט,
נײַן,
צען.
אָט איז דער אָוונט,
אין נאכט פארווירט שוין,
אוועק פון פענצטער
כמורנע,
דעקאבריש.
אין זקײנישן רוקן קײַכן און הירזשען
די קאנדעליאברען.

איר וואָלט מיך אצינד ניט דערקענט מיסטאמע:
די אָדערדיקע מאסע
קאָרטשעט זיך,
צעברילט זיך.
וואָס קאָן זיך וועלן א הרודע אזא מין?
און דער הרודע אזויפיל ווילט זיך!
פאר זיך איז דאָך ניט וויכטיק,
וואָס פון בראָנדזע געמאכט

און דאָס, וואָס אין הארצן — מעטאלישע קאַלטן.
דעם אייגענעם קלונג ווילט זיך באנאכט
אין פרוייִשן,
ווייכן באהאלטן.

האָרבע איך זיך,
א גרויסער,
אין פענצטער אליין,
מיט אייגענעם שטערן די שויבן צעהיץ איך —
וועט זײַן א ליבע צי ניין?
א וועלכע —
א גרויסע
צי א פיצעלע?
א גרויסע אין אזא מיין קערפער איז ניטאָ —
מיסטאָמע א קלייניניק ליבעלע,
א מאָנינקע.
זי האָט דאָך מוירע פאר סירענעס פון אוטאָ,
האָט ליב די קלינגעלעך פון קאָנקעס.
ווידער און ווידער
פארשטעקט זיך הארט
מיט פאָנעם אין רעגנס פאָנעם אין קרומען,
כ׳ווארט,
באשפריצט מיט דונער פון שטאָטישן טומל.
אָט האָט די האלבנאכט — מיט א מעסער שוין

דעריאָגט,
געקוילעט.
א שלעפּ געטאָן.
געפאלן איז די צוועלפטע שאָ,
ווי פון פלאכע א קאָפּ פון געקעפּטן.
אין שויב האָבן טראָפּנדלעך גרויע
געבראָכן גרימאסעס
אין קראמפּ,
פונקט ווי עס וואָלטן געוואָיעט
די כימערעס פון פאריזשער נאָטר-דאם [16].

פארשאָלטענע!
וועט דאָס אויך ניט קלעקן?
א געשריי דאָס מויל צערייסן דראָעט.
הער איך:
שטיל,
פונקט ווי א קראנקער פון געלעגער,
שפּרינגט אראָפּ א נערוו.
און אָט —
פון אָנהייב פּאמעלעך
געטאָן א גיי,
דערנאָך זיך צעלאָפן
א דולער,
א יאָגיקער.

איצט — ער און נײַע צוויי
שווינדלדיקע אין א שווינדיקער טשעטשאָטקע.

עס פאַלט די שטוקאַטורקע אין אונטערשטן שטאָק.
נערוון
גרויסע,
פארשיידענע
זיך קערעווען,
שפּרינגען, מעשוגענע —
אָט־אָ־טאָ
פאַלן פון די פיס די נערוון!

און די נאכט איבערן אַלקער שלײַמט זיך טויב —
פון שלײַם ניט ארויסשלעפּן דאָס אויג דאָס
פארשלעפּערטע.
די טירן זיך צעקלונגען
באַם האָטעל, דאַכט אויס,
א צאָן אַפּ א צאָן טרעפט ניט.
קנייטשנדיק די הענטשקעס בייז,
ביסטו שארף ווי „גאַט אײַך!"
פון גאַס ארײַן,
געזאָגט:
„איר ווייסט —
איך האָב כאסענע".

צו, איז וואָס? האָט זיך.
נישקאָשע.
ניט צווייפלט.
איר זעט — כ'בין פעסט,
ווי א דייפעק פון א מעס.
געדענקט!
איר האָט געזאָגט:
„דזשעק לאָנדאָן,
געלט,
ליבע,
גלוסט" —
און איך האָב איינס געזען:
איר זייט דזשיאָקאָנדע[17],
וואָס גאַנווענען זי איז א מוז.
האָט מען געגאַנוועט.
ווידער א פאַרליבטער כ'וועל אריין אין קאָן,
באַפלאַמענדיק מיט פייער די ברעמען־שרומפן.
אין וואָס?
אין א הויז, וואָס איז פאַרברענט פון לאַנגאָן,
לעבן איך אמאָל דאכלאָזע לומפן!

איר רייצט מיך?
„ווינציקער ווי בא א בעטלער מאַטבייעס,
איז בא אייך שמאַראַגדן פון מעשוגאַעס".

געדענקט !
ס'איז פארטיליקט געוואָרן פּאָמפּייע [18],
ווען מע האָט דעם וועזוווי צעקאעסט.
היי !
הערן !
ליבהאָבער
פון לעסטערונג,
פון פארברעכנס
און שכיטעס ערגעץ־ווייקע,
און געזען האָט איר
דאָס סאמע שרעקלעכסטע —
מײַן פּאָנעם —
ווען
איך
בין אבסאָליוט רויק ?

און כ'פּיל —
„איך"
איז פאר מיר ווינציק —
עמעץ פון מיר ארויס זיך קלאמערט.

אללאָ !
ווער איז עס ?
מאמע ?
מאמע !

אײַער זון איז פּרעכטיק קראַנק!
מאַמע,
אַ סרײַפּע אין האַרצן כאַפּט אָן אים.
זאָגט לײדן און אָליען — 19 קײן אָרט ניט פאַראַן,
װוּ ער זאָל אַהינטאָן זיך קאָנען.

יעדעס װאָרט,
אַפּילע אַ שפּאַס,
װאָס ער ברענגט אַרױס פונעם מױל דעם צעבראַנדטן,
װאַרפט זיך אַרױס, װי אַ נאַקעטע נעקײװע אַפן גאַס
פון אַ ברענענדיקן שאַנד־הױז.
מענטשן באַשמעקן —
ס'שמעקט מיט געבראָטנס!
אָנגעטריבן אַזעלכע.
בליאַסקענדיקע!
קאַסקעס!
אַביסעלע צאַרטקײַט!
די לעשער זאָלט איר ראָטן:
אַפּ אַ ברענענדיקן האַרצן מיט שטיװאַלעס ניט טראַסקען.
כ'װעל אַלײן
די אָנגעטרערטע אױגן, װי פעסער, אױסברענגען.
לאָזט מיך אָן ריפּן אַלײן זיך אַ שפּאַר צו טאָן,
כ'װעל אַרױסשפּרינגען! אַרױסשפּרינגען!
אַרױסשפּרינגען!

קראכ.
ניט ארויסשפּרינגען פון הארצן

פון שפּאלט פון די ליפּן
אפ צעסאַרפּעטן פּאַנעמ
א קושל א פאַרקוילטס האָט ארויסגעשפּאַרט שטאר

מאמע !
זינגען איכ קאָן ניט.
באַמ קלויסטערל פון הארצן
ברענט שוין דער אַלטאַר.
עס פליִען ווערטער און צאָלן צעסאַרפּעטע
פון שאַרבן,
ווי קינדער פון א ביניען, וואָס ברענט.
אזוי האָט געהויבן
צומ הימל
דער פּאַכעד
„לוזיטאַניעס“[20] ברענענדיקע הענט.
צו ציטערדיקע מענטשלעכ
אין היימ־שטילער ריי
הונדערט־אויגיקער בראַנד זיכ פון האפּן צעבונדן האָט.
דו כאָטש,
מיַין לעצטער געשריי,
וועגן דעמ, אז איכ ברען, צעקרעכצ אין
יאָרהונדערטן.

2

ליב צו מיר!
כ'בין צו גרויסע קיין פּאָר ניט.
אפ אלץ, וואָס ס'איז געטאָן,
שטעל איך nihil[21] אפ זיכער.
קיינמאָל
וויל איך ניט לייענען גאָרניט.
ביכער?
וואָס ביכער!
כ'האָב געמיינט —
ביכער מאכט מען סטאם:
עס קומט אָן דער דיכטער,
די לעפצן צעביטן שוין,
און גלייך זיך צעזינגט דער באגייסטערטער טאם,
ביטע שיין!
ווייזט זיך גאָר ארויס —
ביז דער ליד מע דערוואַרט זיך,
גייט מען ארום אין יוירעניש פּארטאסעוועט.
און ס'ווימלט שטיל אינעם שליים פון הארצן
די נארישע וואָבלע פין פאנטאזיע.

ביז מע זידט אופ אין גראמען צעזונגענע
א געקעכטס פון ליבעס און נאכטיגאל דאָ ווען,

קאָרטשעט זיך די גאס אַן אָנצוגגיקע —
זי האָט ניט מיט וואָס צו ריידן און גוואַלדעווען.
שטאָלצע, ווידער מיר שטעלן דאָ
די באָוול-טורעמס פון שטעט,
און גאָט
ווארפט די שטעט אף די פעלדער
און דאָס וואָרט צעמישט און צעקנעט.
די גאס האָט שוויַיגנדיק די פּיַין געדראָלן.
דער געשריי איז געשטאַנען אינמיטן גאָרגל.
ביינערדיקע בריטשקעס און טאַקסי [22] געשוואָלענע
האָבן פארהרוזגעט אין האַלדז און געוואָרגן.
די ברוסט אַרורכגעטראָטן,
פלאַטשיקער פון שווינדזוכט.
די שטאָט האָט מיט פינצטער פארשלאָסן דעם דרויסן.
און ווען —
פונדעסטוועגן —
ס׳האָט די שטופעניש אפן פלאַץ צעווילדעוועט זיך
און פון גאָרגל דעם קלויסטער פארשטויסן,
האָט געדאַכט:
אין כאָראַל פון מאַלאָכימשע כאָרן —
גאָט, א בארויבטער,
נעקאָמע גייט פרעסן!
אין די גאַס האָט זיך צוגעזעצט און צעהאָרנט:
„קומט פרעסן!"

די קרופּנ[23] און קרופּיקלעך
אינ דראָענדיקע ברעמענ צעשטשאָרבעטע,
גרימירנ די שטעט אָקאָרשט,
און אינ מויל
צעלייגנ זיך מייסימלעך פונ ווערטער געשטאָרבענע,
בלויז צוויי ווערטער לעבנ און פעט ווערנ:
„סוואָלאָטש",
און נאָך עפּעס,
דאכט זיך — „באָרשטש".
פּאָעטנ,
צענעצטע פונ וויינענ און כליפּענ,
האָבנ פונ גאס זיך א לאָז געטאָנ, די קוטשמעס צעווייט:
„ווי זינגט מענ עס אויס
פרייַלנ
און ליבע
און טויִקע בלימעלעך
מיט אזעלכע צוויי?"

און גאסיקע טויזנטער —
נאָך די פּאָעטלעך:
סטודענטנ,
פּאָדריאטשיקעס,
נעקייווּעס —
מע שפּאנט שוינ.

הערן!
שטעלט זיך אָפּ!
איר זײַט ניט קיין בעטלער,
איר האָט ניט קיין רעכט נעדאָוועס צו קליאַנטשען!

מיר, געזונטע,
מיט טראָט מיט מײַליקן
דאַרפֿן זיי ניט הערן, נאָר טרעטן, —
זיי,
די צוגעזויגטע, ווי אומזיסטיקע בײַלאַגעס
צו אַלע פֿאַרפֿאַלקישע בעטן!
פֿאַר זיי זיך ניט בוקן:
„אָ, קום מיט דײַן שעפּע
אונדז שענקען אַ הימן,
אַן אָראַטאָריע".
מיר זײַנען אַליין אין הימנען — שעפּער —
אין רויש פֿון פֿאַבריקן און לאַבאָראַטאָריעס.
וואָס גייט מיר אָן פֿאַוסט —
מיט ראַקעטישן פּאָך,
ווען ער גליטשט זיך מיט מעפיסטאָפעלן אויף הימלישע
פּאַרקעטן!
איך ווייס —
אין מײַן שטיוול דער מינדסטער צוויאַק
איז שרעקלעכער, ווי די פֿאַנטאַזיע בײַ געטען [24].

איך,
דער גאָלדנלעפּציקער,
וואָס מײַן יעדעס ווערטעלע
די נעשאָמע אפּסניי געבוירט
און דעם קערפּער באַדופּטיקט,
איך זאָג אײַך:
איין שטויבעלע פון לעבן איז ווערטפולער
פון אלץ, וואָס כ׳וועל אופּטאָן און וואָס כ׳האָב
אופּגעטאָן!

הערט!
עס פּריידיקט
מיט געקרעכץ און היספּײַלעס
דער הײַנטיק־טאָגיקער שרײַמוליקער זאַראַטוסטרע [25].
מיר,
מיט א פּאָנעם, ווי א פארלעגערטער לײַלעך,
מיט ליפּן נאָכגעהאנגענע, ווי ליוסטרעס,
מיר,
קאַטאָרזשאנער פון שטאָט־לעפּראָזאָריום [26],
וווּ שמוציקײַט און גאָלד די וויסטע קרעץ
פארזאמלען,
מיר זײַנען פון ווענעציעס בלויקײַטן זויבערער,
וואָס פון זונען און יאַם־שטרעקעס באַוואַשן צוזאמען.
איך שפּײַ, וואָס עס פעלן

בּא די האָמערס און אָווידיעס [27]
מענטשן, ווי מיר,
צעפּאָקטע, צערוישטע.
איך ווייס —
די זון וואָלט זיך לעשן פאַרכידעשט
פון אונדזערע הערצערס גאָלדענע אויסשיטן!
זיכערער פון טפילעס איז מוסקול געשפּאַנט.
ניט מיר וועלן בעטן נעדאָוועס באַזעלטע!
מיר האַלטן
יעדערער
אין דער האַנט
די טראַנסמיסיעס פון וועלטן.
דאָס האָט אַפּ פּעטראָגראַדער, מאָסקווער, אָדעסער, קיִעווער
גאָלגאָפּעס פון אאוריטאָריעס אַרופגעפירט צערייצטע,
און ס׳איז קיין איינער ניט געווען,
ווי און ווער
זאָל ניט שרײַען:
„קרייציקט אים,
קרייצט אים!"
נאָר פאַר מיר
זײַנען די מענטשן,
די באַליידיקער מײַניקע,
איר זײַט מיר פון אַלעמען טײַערער און נעענטער.

ווי א הונט לעקט די האנט פון זײַן פײַניקער —
געזען האָט איר?

איך,
א באשפּאָטער באַם שיילעט בא מײַנעם,
ווי א לאנגער אנעקדאָט
א געמיינער,
איך זע ווער עס גייט איבער בערג פון זמאנים —
דאָס, וואָס עס זעט ניט קיינער.

ווו דער בליק פון מענטשן רײַסט אָפּ זיך א קורצער, —
פון הונגעריקע האָרדעס דער בכאָר —
אין דאָרן־קראנץ פון רעוואָליוציעס
גרײַפט דאָס זעכצנטע יאָר.

און איצט בא אײַך זײַן פאָרגייער בין איך,
בין דאָ אומעטום, ווו ווייַ צוקט.
אפן יעדן טראָפּן פון טרערישן רינען
האָב איך אליין זיך געקרייציקט.

צו גאָרניט מע קאָן שוין ניט האָבן קיין טײַערע מער,
כ'האָב אויסגעברענט הערצער,
ווו צערטלעכקײַט פויזעט —
דאָס איז דאָך שווערער, ווי אײַנעמען
באסטיליעס טויזנט מאָל טויזנט.

און ווען
באַ זײַן אָנקום
וועט איר צום רעטער אַרויסגיין
אין אופשטאַנד־געליאַרעם —
אין דעם רעגעלע
וועל איך מײַן נעשאָמע אַרויסשלעפּן,
צעטרעטן,
זי זאָל זײַן אַ גרויסע,
און אַ פאַרבלוטיקטע
אײַך, ווי אַ פאָן, אוועקגעבן.

.3

אַך, צו וואָס איז דאָס,
פונוואַנען דער פאַרמעסט
פון פּויסטן אומגעהייערע
אין ליכטיקן פרײַ און פראַנק!

ס'איז געקומען
און דעם קאָפּ פאַרהאַנגען מיט מוירע
וועגן מעשוגאָים־הײַזער אַ געדאַנק.
און —
ווי בעיס אומקום פון אַ דרעדנאָוט [28]
פון שטיקנדיקע קראַמפּן

וואַרפט מענ זיכ אינ צעעפנטנ ליוק —
אַזוי
איז דורכ זײַנ אויג
ביז געשריי צעפּראַלטנ
געקראָכנ מעשוגע בורליוק [29].
אַרויס,
אופ
אונ אַוועקגאַנ,
די אויסגעטרערטע וויִעס קימאַט אינ בלוט.
אונ מיט צאַרטקײַט אומדערוואַרטער אינ אַ מענטשנ
אַ פּעטנ
גענומענ אונ געזאָגט:
„גוט!“
גוט איז אינ אַ געלער קאָפטע
די נעשאָמע פאַר בליקנ צו קוטענ.
גוט איז,
שטייענדיק אופנ שוועל צום עשאַפאָט,
אויסשרײַענ:
„טרינקט קאַקאַאָ וואַנ-הוטענ“ [30]
אונ דידאָזיקע רעגע,
די בענגאַלישע,
הויכע
איכ וואָלט ניט געביטנ,
אופ גאָרניט פאַראַנענס...

און ווי א ליקערן־בעכערל,
פון ציגארישע רויכן
ציט זיך דאָס באטרונקענע פּאָנעם סעוועריאנינס 31.
ווי האָט איר די האָזע זיך רופן פּאָעט
און א גרויזנקער צוויטשערן, ווי א וואכטל!
היינט
דארף מען
מיט א קאסטעט
דער וועלט אינעם שארבן א קראך טאָן!

איר,
וואָס איין געדאנק נאָר באזיצט:
„צי טאנצט איר עמפּפינדלעך", —
קוקט ווי ס'פּארוויילט זיך איצט
איך —
דער גאסן־סוטעניאָר און קאָרטן־שווינדלער!
פון אייך,
וואָס איר האָט
מיט פארליבטקייט געהאָגלט,
וואָס איר האָט
אין יאָרהונדערטן מיט טרערן געפויקט,
כ'וועל אוועקגיין,
די זון ווי א מאָנאָקל
ארייננשטעלן אינעם ברייט־צעפראלטן אויג.

מעשוגענערווײַז פּוצ איכ זיכ אויס,
גיי אוועק איבער דער ערד
פלאמיק אונ געפעליק,
אונ פירנ פאָרויס,
ווי א מאָפּס, נאפּאָלעאָנענ אפּ א קייטל וועל איכ.
די גאנצע ערד וועט זיכ צעלייגנ ווי א נעקייווע,
ווילנדיק זיכ אָפּגעבנ, אזש פליישנ פּלאצנ:
די זאכנ וועלנ אופלעבנ,
מיט די מײַלער אזהיווי
בעבענדיק:
„צאצע, צאצע!"

פלוצים
האָבנ וואָלקנס
אונ אלדאָס פּארכמארעטע
אופגעהויבנ אינ די הייכנ א מאָדנעמ געווימל,
פּונקט ווי ס'צעגייענ זיכ ווײַסע ארבעטער,
מעלדנדיק א פארביטערטנ שטרײַק דעמ הימל.
א דונער פונ וואָלקנ ארויס איז כאַיש,
די ריזיקע נאָזלעכער אויסגעשנײַצט מיט גרימצאָרנ,
אונ דאָס פּאָנעמ דעמ הימלס האָט מיט א
שטרענגער האווײַע
פונ אײַזערנעמ ביסמארק [32] א רעגע געקרימט זיכ.
אונ עמעצ,

פארפלאָנטערט אין וואָלקנדיקן הויער,
האָט אויסגעשטרעקט די הענט צום קאפּע —
א צארטער, דאכט זיך,
און דאכט זיך, פרוייִש,
און ס'דאכט — א הארמאטנ־לאפעט.
איר מיינט —
דאָס טוט די זון אזוי זיס
גלעטן דאָס בעקעלע פונעם קאפּע?
ניין, ווידער די מוירדים צו שיסן
גרייפט גענעראל גאליפע[33]!
לומפּן, פון קעשענעס די הענט נעמט ארויס,
כאפּט שטיינער, מעסערס צי קוילן,
און אויב בא װעמען קיין הענט ניטאָ איז,
איז פּאָשעט מיט שטערנס מיט הוילע!
גייט, איר הונגעריקע,
שווייסיקע,
פארפינצטערטע,
פארזויערטע אין שמוציקן פלאָנטער!
גייט!
לאָמיר די מאָנטיקן און דינסטיקן
אויספארבן מיט בלוט אין יאָנטעוו!
זאָל די ערד פארגעדענקען אונטער די מעסערס,
וועמען פארמיִעסן זי האָט געוואָלט שוין,
די ערד,

די פּעטע, ווי א מעטרעסע,
וואָס ס'האָט זי אויסגעליבט ראָטשילד [34]!
זאָלן פּאָנעס פלאטערן אין קנאל אין טויבן,
ווי אין יעדן יאָנטעוו אין א גוטיינקן, —
העכער הייבט, לאמטערנדיקע סטויפּן,
די קרעמערישע קערפּערס די פארבלוטיקטע.
זיך געבעטן
צעבויטעט
זיך אייַנצוהריזען אין די זייַטן,
געקראָכן נאָך עמעצן,
געשניטן.
אין הימל, ווי די מארסעליעזע א רויטער,
איז דער זונפארגאנג געפייגערט אין ציטער.
ס'איז שוין מעשוגאעס.
ס'וועט גאָרנישט פּאסירן.

די נאכט וועט קומען,
אופרעסן
און — שאט.
זעט איר —
ווידער דער הימל וויל פּארפירן
מיט א הייַפל שטערנס,
באשפּריצטע מיט פּאראט.
געקומען.

ווי מאמיי [35] אפ א מאָלציייט
מיטן הינטן אפ דער שטאָט זיך באזעצט,
די נאכט מיט די אויגן דורכברעכן — מאָלט זיך! —
א פינצטערע, ווי אזעפ [36].
כ'טוליע זיך,
אין שענקען די צייט פארווייַלנדיק,
פארגיס די נעשאָמע און דעם טישטעכ מיט וויין,
און כ'זע:
„אין ווינקל זייַנען אויגן קייַלעכדיק,
מיט די אויגן גאָטס מוטער
אין די הערצער פרעסט זיך איין.
צו וואָס באשענקען לויטן שאבלאָן
לויט אָנגעריסעוועטן
מיט שייַן די שענק־כעוורע די בראווע?
זעסטו — ווידער
קעגן באשפיגענעם קריסטוסן
גיט מען די בכוירע ווארעווען [37]?
עפשער בעקיוון
אין געפלאָנטער פון מענער
ניט נייַער פון קיינעם איך בין.
איך
בין עפשער
שענער
פון אלע דייַנע זין.

גיב זיי,
מיט שימל־פרייד פארוואָקסענע,
די צײַט זאָל גיכער ניט ווערן,
ס'זאָלן ווערן קינדער אונטערוואקסנדיקע,
יינגלעך —
פּאָטערס,
מיידלעך —
מעובערעס.
און די נײַ־געבאָרענע זאָלן גרוי זײַן
מיט דער גרויקײַט פון קעניגס פון מידע,
וועלן זיי קומען
און די קינדער קרוינען
מיט נעמען פון מײַנע לידער.
איך, וואָס באזינג די מאשין און ענגלאנד,
קאָן זײַן, אז פראָסט גאָר
בין איך אין עוואנגעליום אין סאמע געוויינלעכן
דער דרײַצנטער אפּאָסטאָל [38].
און ווען מײַן קאָל
פרעך
און וויסטיק
ברומט גאנצע מעסלעסן
פון שאָ צו שאָ מיין —
דעמאָלט, קאָן זײַן, שמעקט יעזוס קריסטוס
די בלויע בלימעלעך פון מײַן נעשאָמע.

4

מאריִע! מאריִע! מאריִע!
לאָז אריַין, מאריִע!
כ׳קאָן ניט אין גאס!
ווילסט ניט?
דו ווארסט,
ביז א פאריאָגטער פון אלעמען,
מיט באקן איַינגעפאלענע,
פארעוו־אומבאגערעכ,
וועל איך קומען
און ציינלאָז שטאמלען,
אז היַינט בין איך
„ווונדערלעכ ערלעכ"?
מאריִע,
זעסט —
צעהויקערט איך בין דאָך.
אין גאסיקן שווינדל
וועלן די מענטשן דורכלעכערן
דאָס שמאלץ פון פירשטאָקיקע וואָליעס־געשטיינען,
ארויסשטעקן אויגעלעך,
אויסגעריבענע פון פערציקיאָריקער צעבארעטקייט,
וועלן כיכיקען,
וואָס בא מיר אין די ציינ

איז — ווידער ! —
די אלטגעבאקענע כאלע פונ נעכטיקער צארטקײַט.
דער רעגנ האָט באקלאָגט די טראָטוארנ,
אינ בלאָטעס א פארקלאמערטער וואָגלער,
א נאסער — די גאס, — מיט שטײנער פארשלאָגענע
לעקט,

אונ אפ די גראָע וויִעס —
— יאָ ! —
אפ די וויִעס פונ פראָסטיקע נאָדלענ
טרערנ פונ אויגנ —
יאָ !
בא אראָפגעלאָזטע אויגנ פונ רינוועס קלעקט.
די מאָרדע פונ רעגנ האָט די פוסגײער אלע באליאפעט,
אינ עקיפאזשנ געבליאסקעט האָט פײַטער אטלעט
נאָכ אטלעט :

געפלאצט האָבנ מענטשנ,
צעפרעסטע אפ דורכ,
אונ דורכ שפאלטנ האָט שמאלציקס געקאפעט,
ווי א טײַכל א מוטנע פונ עקיפאזשנ געקלאפט —
צוגלײַכ מיט צעסמאָקעטער בולקע —
דאָס געקײַ פונ אנ אלטנ קאָטלעט.
מאריִע !
ווי שפארט מענ ארײַנ זיי א וואָרט א שטילס
אינעם שמאלצ־פעטנ אויער ?

עס בעטלט א פויגל
מיט ניגנס
און זינגט,
פון הונגער געפּלאָגט.
און איך בין א מענטש, מאריִע,
א פּראָסטער,
וואָס א שווינדזיכטיקע נאכט האָט אין קויטיקער
האנט פון פּרעסניע [39] ארויסגעשפּיגן.
מאריִע, ווילסטו אזוינע?
לאָז ארײַן, מאריִע!
מיט פינגערשע קראמפּן וועל איך פארשטיקן
דעם אײַזערנעם גאָרגל פון גלאָק.
מאריִע!
ווי כאיִש די וויהאָנעס־גאסן.
דעם געווימלס פינגער דעם האלדז צעבלוטיקן.
עפן!
ס'טוט וויי!
זעסט, אָנגעטאסעט
אין די אויגן — שפּילקעס פון פרויִישע הוטן!
ארײַנגעלאָזט.

קינד מײַנס!
ניט שרעק זיך,
וואָס בא מיר, ווי א נאסע הליבע,

זיצן אפֿ אָקסענעם האלדז פֿרויען א בארג שווייסיק־
הויטיקע, —

דאָס שלעפּ איך דורכן לעבן
מיליאָנען ריזיקע זויבערע ליבעס
און א מיליאָן מיליאָנען קליינינקע ליבעלעך קויטיקע.
ניט שרעק זיך,
אז ווידער
וועל איך זיך לאשטשען
צו טויזנטער פּענימלעך שיינע אין פֿארעטערשן
הארבסט, —

„די, וואָס ליבן מאיאקאָווסקין!" —
דאָס איז דאָך א דינאסטיע
קיניגנס אפֿן טראָן פֿון מעשוגענעמס הארץ.

מאריִע, נעענטער!
אין נאקעטער שאנד
צי אין ציטער פֿון איימע,
נאָר דו מוזט מיר די ליפּן די בלײַקע געבן:
צו מײַ האָט מײַן הארץ ניט דערלעבט נאָך קיין
איינמאָל,

דעם הונדערטסטן אפּרעל
איך צייל נאָר אין לעבן.
מאריִע!
דער דיכטער זינגט טיאנען 40 סאָנעטן,

און איך —
בין אינגאנצן פון פלייש
א מענטש ביז לעצט —
כ'בעט פּאָשעט דײַן ליַיב,
ווי די קריסטן בעטן:
„Хлеб наш насущный
Даждь нам диесь“!

מאריִע—גיב!
מאריִע!
דײַן נאָמען כ'האָב מוירע פארגעסן,
ווי א דיכטער פארגעסן האָט מוירע
א וואָרט,
וואָס איז גרויס ווי א גאָט
און געבאָרן אין נאכטישער לוסט.
דײַן קערפּער
כ'וועל היטן אזוי ריין,
ווי א סאָלדאט
אין דער מילכאָמע א צעהאקטער,
אן איבעריקער,
א ניט־נוציקער
היט זײַן איינונייִנציקן פוס.
מאריִע, —
דו ווילסט ניט?

דו ווילסט ניט!
כא!
הייסט עס—ווידער
דאָס הארצ כ'ווע‏ל פארנורענ
פינצטער אונ סומנע,
מיט טרערנ פארקאפעט
טראָגנ,
ווי א הונט,
וואָס טראָגט אינ קאָנורע
זײַנע
פונ א צוג איבערגעפאָרענע לאפע.
מיט בלוט פונעם הארצנ כ'פריי יעטווידער שפור דאָ,
עס פוצט זיך אינ' קווייטנ ד'אָס רעקל, ווו שטויב פאלט.
טויזנט מאָל וועט די ערד, ווי די טאָכטער פונ הורדוס[42],

ארומטאנצנ די זונ —
דעם קאָפ פונעם טויפער.
אונ ווענ די צאָל מײַנע יאָרנ אונ טעג
וועט זי אויסטאנצנ ביז אויס,
וועט זיך מיט מיליאָנענ בלוט־פלעקנ צעלייגנ א וועג
צו מײַנ פאָטערס הויז.

כ'ווע‏ל ארויסקריכנ
א שמוציקער (פונ שלאָפנ אינ די ראָיענ),

כ׳וועל זיך שטעלן דערנעבן,
און אָט —
זיך אָנבייגן
און אים זאָגן אין אויער:
— הערט נאָר, הער גאָט!
ווי איז אײַך ניט אומעטיק
אין וואָלקנדיקן זויערס
יעדן טאָג צו טונקען די אויגן פרעך?
ווייסטו וואָס גאָר —
א קארוסעל לאָמיר בויען
אפן בוים פון דערלערנען דאָס גוטס און דאָס שלעכטס!
דו, אומעטומיקער,
אין יעדער שאפע וועסטו לאָזן דײַן שפור,
און ווײַנען אזוינע אפן טיש מירן מאָסטען,
עס זאָל זיך וועלן דורכגיין א קי־קא־פו
דעם כמורנעם פיאָטער אפאָסטאָל.
מירן ווידער כאוועלעך באזעצן אין גאנײדן:
היים נאָר —
הײַנט באנאכט וועל איך אליין
פון די בולווארן די שענסטע מיידן
דיר צונויפשלעפן.
ווילסטו
צי ניין?
שאָקלסט מיטן קאָפ, קודלאטער?

קנייטשט די גרויע ברעמ צעבייזט?
מיינסט—
אָט יענער,
דער באפּליגלטער, דער גלאטער,
ווייסט כאָטש, וואָס ליבע הייסט?
כ׳האָב אויך א מאלעך־הארצ געהאט שוינ—
געקוקט ווי א צוקער־שעפּעלע דורכ אויגנ פייַנ.
נאָר כ׳וויל שוינ מער ניט שענקענ פאר קליאטשעס
קיינ וואזעס געקנאָטענע פונ סעוורער פּייַנ.
אלמעכטיקער, האָסט אויסגעטראכט א קאָפּ פאר לייַט,
געמאכט פאר יעדנ הענט א פּאָר —
פארוואָס האָסטו ניט אויסגעטראכט,
מע זאָל אָנ לייַד
קושנ אונ קושנ אונ גאָר?!
געמיינט כ׳האָב — דו ביסט א געזונטער גאָטייַלע,
אונ דו ביסט גאָר א פּיצינקע געטעלע א שלעפעריש.
זעסט, איכ בויג זיכ אָנעט,
פונ דער שטיוויילע
א שוסטערשנ מעסערל איכ שלעפּ ארויס.
פליגלדיקע שווינדלער
אינ גאנײדנ, שרעקט אייַכ,
רודערט מיט די פעדערנ אינ ציטערדיקער בלאסקייַט—
איכ וועל דיכ צעבראָקנ, מיט ווייַרעכ אדורכ־
געשמעקטנ,

פונדאנען ביז אליאסקע [43],
לאָזט מיך!
איר וועט מיך ניט אָפּשטעלן.
כ'קאָן שוין רויִק ניט ווערן,
צי טאָר איך,
צי מעג איך.
זעט נאָר—
געקעפּט האָבן ווידער די שטערן
און דעם הימל מיט בלוט־באָד באַלעגערט.
הימל!
נעמט אראָפּ די שליאפּע!
איך גיי!
אוי, איר!
טויב.
די גאָרוועלט שלאָפט,
אוועקגעלייגט אף דער לאַפּע
מיט שטערן־קלעשטשעס דעם ריזיקן אויער.

1 ראָמעאָ און דזשוליעטע—א געליבטע פּאָר אין שעקספּירס טראגעדיע אונטערן זעלביקן נאָמען.

2 פּיינטרס (פראנצויזיש) — מאָלערס.

3 פוטוריסטן, אימאזשעניסטן, אקמעיסטן — פארשיידענע ריכטונגען אין דער בורזשואזער ליטעראטור.

4 טעאָדאָר נעטע—אונדזער דיפּלאָמאטישער קוריער, העלדיש אומגעקומען, פּארטיידיקנדיק די דיפּלאָמאטישע פּאָטשט פון א ווייסגווארדייִשן אָנפאל. מיט זיין נאָמען איז אָנגערופן איינער פון די דאמפערס אין שווארציאמיקן פלאָט.

5 „אנגלעטער"—דער האָטעל אין לענינגראד, וווּ יעסענין האָט זיך אופגעהאנגען און האָט אָנגעשריבן זיין לעצטע ליד מיטן בלוט פון זיינע וועגעס, ווייל קיין טינט איז ניט געווען.

6 לעאָניד סאָבינאָוו — א בארימטער רוסישער אָפּערע-זינגער.

7 לעאָניד לאָענגריניטש — דערזעלבער (מיטן פּאָטער-נאָמען גענומען אין שפּאס פון דער אָפּערע „לאָענגרין").

8 פּיאָטער קאָגאן—א קריטיקער.

9 די לעצטע ליד יעסענינס ענדיקט זיך מיט די ווערטער:

В этой жизни умереть не ново,
Но и жить, конечно, не новей.

10 קודרייקאָ, מיטרייקין—רוסישע פּאָעטן.

11 גזמיזמאט—קאָלעקציאָנער פון מאטבייעס.

12 העגעל—דער בארימטער דייטשישער פילאָזאָף, דער גרונט־לייגער פון דער דיאלעקטיק.

13 לעטע—קוואל פון פארגעסנקייט (לויט די גריכישע אלעגאָריעס).

14 „דער וואָלקן אין הויזן״ — אָנגעשריבן אין 1913־טן יאָר, פריער געהייסן „דער 13־טער אפּאָסטאָל״, דערנאָך, אדאנק דער צענזור, געענדערט אפן איצטיקן נאָמען. „טעטראפּטיך״—א גריכיש וואָרט, באטייט א ווערק, וואָס באשטייט פון פיר טיילן (קאפּיטלען).

15 ניצע — אן אריסטאָקראטישער קוראָרט אפן ברעג פון מיטלענדישן יאם.

16 די כימערע פון פאריזשער נאָטר־ראם—דער קלויסטער פון דער גאָט־מוטער (נאָטר־דאם) אין פאריזש איז באפוצט מיט געקלעפּטע בילדער פון עקלהאפטע פאנטאסטישע באשעפענישן (כימערעס).

17 דזשיאָקאָנדאָ—א בילד פון לעאָנארדאָ דא ווינטשי, א פּאָר־טרעט פון א אומבאוווסטער פרוי; געווען ארויסגעגנבעט פון פאריזשער מוזיי.

18 פּאָמפּייע — א רוימישע שטאָט, לעבן ווולקאן וועזווי, פארשאָטן פון א ווולקאן־אויסברוך.

19 ליודע און אָליע—מאיאקאָווסקיס שוועסטער.

20 לוזיטאניע—אנ אָקעאנישע פּאסאזשירנ־שיפ, פארברענט געוואָרנ אינ אָפענעמ יאמ.

21 nihil (לאטייניש)—גאָרנישט.

22 טאקסי—אווטאָמאָביל.

23 קרופּ—א דײַטשישער פאבריקאנט, אנ אייגנטימער פונ מעטאלורגישע זאווּאָדנ, וואָס ארבעטנ אויס געווער.

24 געטע—דער געניאלער דײַטשישער דיכטער, אווטער פונ „פאוסט".

25 זאראטוסטרע — א פריידיקער פונ פרידריכ ניצשעס בוכ „אזוי האָט געזאָגט זאראטוסטרע".

26 לעפּראָזאָריומ—א ווינאָרט פאר קרעציקע צוליב איזאָליאציע.

27 אָווידי אונ האָמער. דער ערשטער—א רוימישער דיכטער, דער צווייטער—א גריכישער.

28 דרעדנאָוט—א קאָלאָסאלע מיליטער־שיפ.

29 דאוויד בורליוק—א קינסטלער אונ דיכטער, מאיאקאָווסקיס פרײַנט.

30 „טרינקט קאקאאָ פונ וואנ־הוטענ"—א פארמישפּעטער צומ טויט האָט, קעדיי צו באזאָרגנ זײַנ פאמיליע, אײַנגעשטימט פאר אסאכ געלט א געשריי צו טאָנ פונ עשאפאָט צוליב רעקלאמע: „טרינקט וואנ־הוטענס קאקאאָ".

31 איגאָר סעווערייאנינ—א דעקאדענטישער פּאָעט.

32 ביסמארק — דער בארימטער דײַטשישער רעאקציאָנערער

פּרעמיער־מיניסטער, וואָס מע האָט אים א נאָמען געגעבן „דער אײַזערנער קאנצלער“.

33 גאליפע—א פראנצויזישער גענעראל, דער הענקער פון די פאריזשער קאָמונארן.

34 ראָטשילד—א גרויסער באנקיר.

35 מאמײַ—א טאָטערישער כאן; נאָך א ניצאָכן פלעגט ער פּראווען א סודע, זיצנדיק אפ די רוקנס פון די באזיגטע.

36 אזעף—א בארימטער פּראָוואָקאטער.

37 ווארראווע — א רויבער, וואָס איז פארמישפּעט געווען צום קרייציקן אינעם זעלבן טאָג, וואָס קריסטוס; דער האמוין, וואָס איז בײַגעווען בעשאטן קרייציקן, האָט געפאָדערט מע זאָל ווא־ראווען באגנעדיקן און טויטן בלויז קריסטוסן.

38 13־טער אפּאָסטאָל—לויטן „עוואנגעליום“ איז בא קריס־טוסן געווען 12 אפּאָסטאָלן (שילוכים—פּריידיקער).

39 פּרעסניע — א שטאָט־ראיאָן אין מאָסקווע, ווו עס איז געווען דער צענטער פונעם דעקאבער־אופשטאנד אין 1905 יאָר.

40 טיאַנע—א נאָמען פון סעווערױאנינס לידער.

41 א געבעט צו גאָט: „גיב אונדז יעדן טאָג דאָס שטיקל ברויט“.

42 הורדוסעס טאָכטער סאלאָמייע, האָט געטאנצט ארום דעם טעלער מיטן קאָפּ פונעם געטויטן פּריידיקער, יויכענען דעם טוי־פער.

43 אליאסקע—א האלב־אינדזל אין צאָפן־אמעריקע באם צאָפנ־דיקן אײַז־אָקעאן.

---

# אינהאלט

ז.

פארלאג־נומער E־141 באשטעלונג 532 №
הויפטליט (2338 № 7163. טיראזש 1300
עקזעמפליארנ. געדרוקט אינ II אינטער־
נאציאָנאלער דרוקעריי, קיעוו, פּאָרזאצ,
הילע אונ אײַנבונד — אינ קיעווער פ.ז.ש.
או. פ. ט. פאפיר 110×72 סמ. 50°
3 דרוק־בויגנ, איבערגעגעבנ צומ דרוק
5/IV־33 אונטערגעשריבנ צומ דרוק
14/II־34